# די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור

קאָנספּעקט

פון

יודל מאַרק

אַרויסגעגעבן פון דער קאָמיסיע פאַר די יידישע שולן
ביים יידישן דערציאונגס-קאָמיטעט, ניו יאָרק

•

ניו יאָרק
1943

# הקדמה

דער קאָנספּעקט איז צונויפגעשטעלט פאַר די עלטערע תלמידים פון דער מיטלשול. פאַר די לערערס איז עס אַ געניויע פּראָגראַם, יעדער פּונקט איז דאָ אַ לעקציע. עס איז אויסגערעכנט אַז דער מאַטעריאַל קען דורכ־גענומען ווערן במשך פון איין זמן.

ווען דער קאָנספּעקט פאַלט אַריין אין די הענט פון אַ זייטיקן לייענער, בעטן מיר אים אַז ער זאָל געדענקען:

א. דאָס איז אַ קאָנספּעקט פאַר אַזעלכע תלמידים וואָס האָבן שוין אַ דריי יאָרן געלערנט יידישע ליטעראַטור. די תלמידים זיינען מער באַקאַנט מיט דער נייער ליטעראַטור אָבער ניט מיט דער אַלטער און מיט דער עלטערער. דעריבער ווערט אָפּגעגעבן כמעט די גאַנצע צייט אין דעם ספּעציעלן קורס פאַר דער אַלטער און עלטערער ליטעראַטור. דער קאָנ־ספּעקט שטעלט זיך די אויפגאַבע צו דערגאַנצן און צו מאַכן אַ סך הכל פון די ידיעות פון די תלמידים אין דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור.

ב. פון דער נייער ליטעראַטור ווערט געגעבן ניט מער ווי אַן אַלגעמיינער איבערבליק און עס ווערן אָנגעוויזן איצטיקע טענדענצן. פון אונדזערע דריי קלאַסיקערס שטעלט זיך דער קאָנספּעקט מער אָפּ אויף מענדעלען, ווייל אים קענען די תלמידים פון דער מיטלשול ווינציקער ווי שלום־עליכמען און פּרצן.

ג. דער קאָנספּעקט איז גלייכצייטיק אַ פּראָגראַם פאַר אַ לימוד און פּאַסט זיך צו צו די תלמידים. די פּראָגראַם זאָרגט זיך אַז די אינטערע־סאַנטע מאָמענטן זאָלן מער אַרויסגעהויבן ווערן, די פאָרמולירונגען און די כאַראַקטעריסטיקעס מוזן דאָ זיין שאַרפערע ווי סתם אין אַ געשיכטע פון יידישער ליטעראַטור, און די סכעמעס דאַרפן זיין ביז גאָר בולטע.

יאַנואַר, 1943

יודל מאַרק

# געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור

(קאָנספּעקט)

## 1. קורצער איבערבליק איבער דער אַנטוויקלונג פון יידיש

יידיש, די שפּראַך פון אַ צען מיליאָן יידן, איז אַלט כמעט טויזנט יאָר. יידיש איז אויפגעקומען אין די קהילות אַרום דעם טייך ריין. ווייל יידן האָבן פון איין זייט געדאַרפט האָבן צו טאָן מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג און האָבן איבערגענומען זייער לשון, און ווייל יידן האָבן גלייכצייטיק געלעבט אָפּגעזונדערט, מיט אַן אַנדער שטייגער לעבן — האָבן יידן פון דעם אַמאָליקן דייטש פון זייערע שכנים גענומען פורעמען יידיש. דאָ האָט מיטגעהאָלפן די שפּראַכלעכע ירושה וואָס זיי האָבן מיטגענומען פון פריער: די ווירקונג פון לשון-קודש וואָס נעמט זיך פון לערנען, פון דאַוונען, פון דעם גאַנצן רעליגיעזן לעבן און אַלטן שטייגער, און פון אַלט-פראַנצויזיש (למשל, אַזעלכע ווערטער ווי יענטל, שפּרינצע, שניאור, בענטשן, לייענען א״אַ). יידיש איז אַ שמעלצשפּראַך פון פאַרשיידענע עלעמענטן: דעם לשון-קודשדיקן, דעם גערמאַנישן און דעם סלאַווישן. דער סלאַווישער עלעמענט איז צוגעקומען, ווען יידן האָבן זיך באַזעצט צווישן סלאַוון. (ביישפּילן פון צונויפשמעלצן: גאַטעניו, ליבינקער, מומעס, פאַרתכלעווען, שלימזלניק, פּנימער, דאָקטוירים, רביצן א״אַ).

(אויסניצן פאַר דער לעקציע און פאַר אַ טייל פון דער צווייטער לעקציע מ. ווינרייכס אַרטיקל וועגן יידיש אין דעם צווייטן באַנד „יידן" פון דער יידישער ענציקלאָפּעדיע).

## 2. תקופות אין דער געשיכטע פון יידיש און אין דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור

מע טיילט איצט איין די געשיכטע פון יידיש אין אַזעלכע פיר תקופות: בראשית־יידיש פון 1000 ביז 1250, אַלט־יידיש פון 1250 ביז 1500, מיטל־יידיש פון 1500 ביז 1750 און נײַ־יידיש זינט 1750. אַלע איינטיילונגען אין געשיכטע פון אַ שפּראַך זיינען ניט מער ווי סכעמעס זיך צו אָריענטירן, אָבער ניט קיין גרענעצן.

די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור ווערט געוויינטלעך איינגעטיילט אין דריי תקופות: די אַלטע יידישע ליטעראַטור, וואָס זי נעמט אַרום די צייט פון אַלט־ און פון מיטל־יידיש, ביזן מיטן אַכצנטן יאָרהונדערט; די מיטעלע אָדער די עלטערע יידישע ליטעראַטור, וואָס זי נעמט אַרום די צייט פון מיטן אַכצנטן יאָרהונדערט ביז דעם אויפקום פון מענדעלע מוכר־ספרים, און די נײַע יידישע ליטעראַטור — זינט מענדעלע מוכר־ספרים.

די אַלטע יידישע ליטעראַטור איז געווען אַ ליטעראַטור פאַר באַלערונג און פאַרוויילונג. זי האָט געהאַט אין זינען צו לערנען די פרומע און דעם עם־הארץ און צו פאַרווײַלן אַלע שיכטן פון פאָלק. די עלטערע ליטעראַטור איז געווען די ליטעראַטור פון צוויי גרויסע באַוועגונגען: פון דער חסידישער באַוועגונג און פון דער השכלה־באַוועגונג. די נײַע יידישע ליטעראַטור איז אַ מאָדערנע ליטעראַטור פון פאַרשיידענע ליטעראַרישע מינים און מיט פאַרשיידענע אידייען; די נײַע יידישע ליטעראַטור האָט זיך גיך אַנטוויקלט און זי איז צעשפּרייט אומעטום וואו עס לעבן יידן וואָס רעדן יידיש.

## 3. באַזונדערקייטן פון דער אַלטער יידישער ליטעראַטור

געוויינטלעך וואַקסט אַ ליטעראַטור אין איינעם מיטן גייסטיקן אַנטוויקלען זיך פון אַ פאָלק. ליטעראַטור איז דער המשך פון פאָלק־לאָר. אויך ביי יידן איז עס אַזוי געווען און אויך די יידישע ליטעראַטור איז אין פאַרשיידענע צייטן געווען דער המשך פון פאָלקלאָר. אָבער גלייכצייטיק האָט די יידישע ליטעראַטור באַזונדערקייטן: ווען זי האָט אָנגעהויבן זיך צו אַנטוויקלען, האָט דאָס יידישע פאָלק געהאַט אַ רייכע און פאַרשיידנאַרטיקע ליטעראַטור אויף לשון־קודש.

די ליטעראַטור איז געווען פאַרבונדן מיטן גלויבן, מיטן לערנען, מיטן גאַנצן לעבן. האָט די יידישע ליטעראַטור געדאַרפט מאַכן פאַר זיך אַן אָרט און זי האָט געקענט פאַרנעמען נאָר יענע געביטן וואָס זיינען פאַרבליבן פריי: ווערן אַ פאַרווײַלונגס-ליטעראַטור און לער־נען יענע שיכטן וואָס האָבן ניט געהאַט קיין צוטריט צו דער ליטע־ראַטור אויף לשון-קודש.

אויף דער אַלטער יידישער ליטעראַטור האָט געווירקט די ליטע־ראַטור פון דעם אַרומיקן פאָלק, די דייטשישע ליטעראַטור און אַ ביסל — אַ קורצע צייט — אויך די איטאַליענישע ליטעראַטור. דער עיקר האָט מען איבערגענומען פון דער ריטער-ליטעראַטור און פון פאָלקסלידער, אָבער אויך פון שפּילן. אַזוי ווי דאָס יידישע לעבן איז געווען אין גאַנצן אַנדערש, האָט דאָס איבערנעמען פון דער פרעמד געמוזט אַרויסרופן אַ קעגנערשאַפט.

די גרעסטע ווירקונג אויף דער אַלטער יידישער ליטעראַטור האָט אָבער געהאַט די לשון-קודשדיקע ליטעראַטור. און נאָר די ווערק וואָס זיינען איבערזעצונגען, איבערדיכטונגען אָדער געשאַפן אין גייסט פון דער טויזנטער-יעריקער ליטעראַטור אויף העברעאיש (און אַראַמיש) — נאָר זיי האָבן געהאַט אַ דויערנדיקע חשיבות אין די אויגן פון פאָלק.

## 4. דער שפּילמאַן און זיין רעפּערטואַר פון דעם פרעמדן העלדן־עפּאָס

פאַראַן אַ ווערטל „ער האָט צו זינגען און צו זאָגן". דאָס ווערטל שטאַמט פון דעם וואָס עס זיינען געווען זינגערס און זאָגערס. זיי זיינען געווען פּראָפעסיאָנעלע פאַרוויילערס, ווי די נאַרן וואָס האָבן געזונגען לוסטיקע לידלעך, געזאָגט וויצן און געוויזן קונצן. די זינגערס האָבן גענומען זייער רעפּערטואַר פון די דייטשישע שפּיל־מאַנישע ווערק. טייל ווערק האָט מען פּשוט איבערגעזעצט, טייל איבערגעאַרבעט. דער שפּילמאַנישער העלדן-עפּאָס איז געווען אַן ערנסטער, אָן הומאָר, דער אינהאַלט — וואונדערלעכע פּאַסירונגען און העלדישקייטן פון די ריטערס.

פון דעם שפּילמאַן-רעפּערטואַר איז צו אונדז דערגאַנגען אַ גרויסער און פּאָפּולערער ראָמאַן, אַן אַרטוס-ראָמאַן.

דער קורצער אינהאַלט פון ראָמאַן: ביים קיניג אַרטוס איז געווען אַ מנהג, אַז מע זעצט זיך ניט עסן אײדער מע הערט ניט פריער עפּעס נייס. האָט מען איין מאָל געדאַרפט זיך לייגן שלאָפן הונגעריקע. דעם אַנדערן טאָג אין דער פרי איז שוין געווען נייס: פאַרן קיניגס שלאָס האָט זיך באַוויזן אַ פרעמדער ריטער וואָס האָט דער קיניגין געבראַכט אַ מתנה. אַלע האָבן צוגעשטימט, אַז די קיניגין זאָל די מתנה אָננעמען, חוץ דעם ריטער גאַביין. האָט דער פרעמדער ריטער אַרויסגערופן אויף אַ קאַמף גאַביינען. ער האָט אים באַזיגט און מיטגענומען אַ געפאַנגענעם צו זיך אין לאַנד. דער פרעמדער ריטער איז געווען אַ שטאַרקער קיניג און גאַביין האָט זיך פאַרליבט אין זיין טאָכטער און חתונה געהאַט מיט איר. ווען די ווייב האָט זיך געקליבן האָבן אַ קינד, האָט ער אָבער זי פאַרלאָזט כדי צו קומען צוריק צום קיניג אַרטוס. פאַרן אַוועקפאָרן האָט זי געפרעגט דעם מאַן ווי זאָל זי אָנרופן דאָס קינד וואָס דאַרף געבאָרן ווערן. גאַביין האָט געענטפערט: „ווי דו ווילסט". האָט די פרוי שפּעטער אָנגערופן דעם זון וואָס זי האָט געהאַט — ווידוווילט. גאַביין האָט 10 יאָר צייט געוואַנדערט ביז ער איז געקומען צום קיניג אַרטוס און ער האָט פאַרגעסן דעם וועג צו זיין פרוי און קינד. ווען ווידוווילט איז אַלט געוואָרן 13 יאָר, האָט ער זיך געלאָזט זוכן דעם פאָטער. ער איז געקומען צום קיניג אַרטוס און גאַביין, וואָס האָט ניט געוואוסט ווער עס איז דער יינגל, איז באַשטימט געוואָרן ווי זיין דערציער. איין מאָל איז געקומען אַ יונגפרוי און אַ קאַרליק און די האָבן געבעטן הילף: דאָס גאַנצע אונגערלאַנד איז פאַרכישופט פון אַ בייזער מכשפה, געבליבן זיינען נאָר די קיניגין און איר שיינע טאָכ־טער לאַרל. די מכשפה איז שטאַרק, נאָך שטאַרקער איז איר זון, אַ שרעק־לעכער ריז. וויל קיינער ניט גיין העלפן דער קיניגין און איר טאָכטער. נאָר ווידוווילט וואָס אַנטפּלעקט זיך פאַר גאַביינען אַז ער איז זיין זון, פאָרט נאָך דער יונגפרוי קיין אונגערלאַנד. אונטערוועגנס וויזט ער אַרויס זייער אַ סך העלדישקייטן. פון דעם פאַרכישופטן קיניג וואָס איז איצט אַ הירש דערוויסט זיך ווידוווילט ווי אַזוי צו קעמפן קעגן דער מכשפה. ער דער־הרגעט אַ געפערלעכן לינדוואָרעם, ער ראַטעוועט זיך צוויי מאָל אַרויס פון דער מכשפה, ער טייט איר זון דעם ריז, ער באַזיגט 400 באַדינערינס פון דער מכשפה, דאָס אונגערלאַנד באַפרייט זיך פון בייזן כישוף און לסוף האָט ער חתונה מיט לאַרל. אויף דער חתונה זיינען פאָראַן דער קיניג אַרטוס און זיין פאָטער גאַביין טרעפט זיך דאָרטן מיט דער מוטער.

## 5. דעם שפּילמאַנס יידישער רעפּערטואַר

נאָך דעם ווי עס האָט זיך פּאַרפּעסטיקט דער נוסח פון דעם פרעמדן העלדן-עפּאָס, האָבן זיך געשאַפן פאַר דעם רעפּערטואַר פון דעם שפּילמאַן ווערק מיט אַ יידישן אינהאַלט. דערצו האָט מען אויסגענוצט דעם תנך, באַפּוצט מיט די אַלע שפּעטערדיקע צוגאָבן און אויסטייטשונגען. דאָס וויכטיקסטע ווערק פון דעם מין איז דאָס „שמואל-בוך". דאָס בוך דערציילט די לעבנס-געשיכטע פון דעם קיניג דוד, אָבער עס הייבט זיך אָן פון פריער, פון דעם מיט וואָס עס הייבט זיך אָן דער ספר שמואל. דער נאָמען נעמט זיך פון דעם, וואָס דער עיקר מאַטעריאַל איז גענומען פון שמואל **א** און שמואל **ב**. דער דיכטער פון „שמואל-בוך", וואָס איז זיכער געווען זייער אַ טאַלענטירטער מענטש, האָט גענוצט די העלדן פון תנך מיט די אויגן פון אַ מיטל-עלטערלעכן זינגער. זיינען אין דעם ווערק צונויפגע-שמאָלצן דער יידישער שטאָף מיט דעם נוסח פון גערמאַנישן העלדן-עפּאָס. דאָס ווערק איז אָפּנים געווען איינס פון די סאַמע פּאָפּולערע ווערק אין דעם שפּילמאַן-רעפּערטואַר.

פּאָפּולער איז אויך געווען דאָס טיף-רעליגיעזע ווערק „עקדת יצחק" אָדער „יידישער שטאָם". דער אינהאַלט איז די מעשה מיט דער עקדה, אַזוי ווי זי ווערט דערציילט אין מדרש; דאָס הויפּט-אָרט פאַרנעמט דאָרטן דער קאַמף צווישן אברהמען און דעם שטן, וואָס וויל שטערן אברהמען צו טאָן גאָטס געבאָט.

## 6. אליהו בחור און זיינע קינסטלערישע ווערק אויף יידיש

אליהו בחור איז דער איינציקער פּאָעט פון דער אַלטער יידישער ליטעראַטור וואָס מיר ווייסן אַ סך פון זיין לעבן. אליהו בחורס לעבן איז געווען פאַרביק און אויסטערליש. ער איז געווען אַ הומאַניסט, אַ געלערנטער און אַ פּאָעט.

ער שטאַמט פון אַ קליין שטעטל אין דייטשלאַנד. ער האָט אַ סך ארומגעוואַנדערט אין די יונגע יאָרן. אין איטאַליע האָט ער זיך פאַרפולקומט אין דער העברעאישער גראַמאַטיק און איז געוואָרן אַ גרויסער געלערנטער. ער האָט שפּעטער אָנגעשריבן אַ סך וויכטיקע ווערק וועגן העברעאיש. ער האָט אַ סך יאָרן זיך גע-מאַטערט און געלעבט פון דעם וואָס ער איז געווען אַ מלמד, אָן

איבערשרייבער און אַ צונויפשטעלער פון קליינע אַנטאָלאָגיעס און קען זיין —אויך אַ שפילמאַן. ער האָט אָבער שפּעטער געקראָגן די מעגלעכקייט צו לעבן רואיק און זיך אָפּגעבן מיט וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, ווען איינער פון זיינע קריסטלעכע תלמידים, דער קאַרדינאַל דע־וויטערבא, האָט אים אויסגעהאַלטן. ער איז געוואָרן אַזוי ווי אַ פאַרמיטלער צווישן יידן און די הומאַניסטן פון יענער צייט. אויף דער עלטער איז ער געווען אַ קאָרעקטאָר (יעמאָלט איז עס געווען זייער אַ חשובער אַמט) אין אַ באַרימטער דרוקעריי. חוץ די וויסנ־שאַפטלעכע ווערק וועגן העברעאיש, האָט ער אַ קליינע אַרבעט וואָס האָט אַ שייכות צו יידיש. ער איז אַ מחבר פון צוויי גרויסע (און אַ פּאָר קלענערע) פּאָעטישע ווערק אויף יידיש און דער איבער־זעצער פון תהילים אויף יידיש.

אַ בבא־מעשׂה הייסט איצט אַ מאָדנע, אַן אומגלייבלעכע מעשׂה. דער אויסדרוק שטאַמט אָבער ניט פון וואָרט באָבע (ניט קיין מעשׂה וואָס אַ באָבע דערציילט), נאָר — אַ מעשׂה וואָס איז ענלעך צו דער געשיכטע מיטן העלד, וואָס וועגן אים דערציילט דאָס „בבא־בוך״ פון אליהו בחור. דאָס „בבא־בוך״ איז אַ גרויס פּאָעטיש ווערק, געשריבן אין פערזן מיט דעם „אַכטער־געזעץ״*) מיט זייער אַ פאַרכאַפּנדיקן אינהאַלט. דאָס איז אַן איבערדיכטונג פון אַן איטאַ־ליענישן ריטער־ראָמאַן. אָבער עס פילט זיך כסדר דער יידישער פּאָעט וואָס ברענגט אריין יידישע מאָטיוון אין דעם ניט־יידישן סוזשעט און דער הומאַניסט וואָס באַציט זיך אָפּלאַכעריש צו דער ריטער־ליטעראַטור. דאָס „בבא־בוך״ איז געוואָרן זייער פּאָפּולער. שפּעטער צו האָט מען עס זייער אַ סך מאָל אַרויסגעגעבן אין אַ פּראָזע־איבערדערציילונג. פון דער גרויסער פּאָעמע איז געוואָרן אַ קליין פאָלקסביכעלע.

דער אינהאַלט פון „בבא־בוך״: אַן אַלטער הערצאָג האָט חתונה מיט אַ יונגער פרוי וואָס געבערט א זון, בבא. די יונגע פרוי האָט פיינט דעם אַלטן מאַן און זי רעדט אָפּ מיט א יונגן הערצאָג ער זאָל אָנפאַלן אויף זיי און העלפט אים אַז איר מאַן זאָל אריינפאַלן אין דעם שונאס הענט. דער אַלטער מאַן קומט אום און זיין פרוי האָט חתונה מיטן מערדער וואָס ווערט דער הערשער איבער דער שטאָט. די מוטער וויל אויך טייטן איר זון, אָבער ער ווערט געראַטעוועט. נאָך א ריי וואונדערלעכע פּאַסירונגען קומט דער יונגער בבא ווי אַן 18־יאָריקער קנעכט צום קיניג פון פלאַנדערן און די פרינצעסין דרוזאַנע פאַרליבט זיך אין אים. בבא באַזיגט דעם העלדישן

*) עס האָט זיך געגראַמט לויט דער פאָרמל: אב, אב, אב, גג.

ריטער וואָס וויל חתונה האָבן מיט דרוזאַנען. ער קעמפט קעגן סולטאַנס חיל וואָס באַפאַלט דאָס לאַנד און טויט דעם סולטאַנס זון וואָס האָט געוואָלט דרוזאַנען. אָבער שונאים אינטריגירן און מען שיקט אָפּ בבאָן צום סולטאַן וואָס וויל אים טייטן. דעם סולטאַנס טאָכטער פאַרליבט זיך אין אים און ראַטעוועט אים. ער קומט צוריק קיין פלאַנדערן אין דעם טאָג ווען עס האָט געזאָלט זיין דרוזאַנעס חתונה. ער אַנטפּלעקט זיך פאַר דער כלה און זי אַנטלויפט מיט אים. בבאָ און דרוזאַנע לעבן צוזאַמען א יאָר צייט. אָבער איבער א צופאַל צעשיידן זיי זיך ווייטער. בבאָ נעמט איין זיין געבוירן־שטאָט, טייט דעם מערדער פון זיין פאָטער און פאַרשפאַרט די מוטער אין אַ קלויסטער. אָבער ער מיינט אַז דרוזאַנע לעבט שוין ניט און גרייט זיך חתונה צו האָבן מיט דעם סולטאַנס טאָכטער. דרוזאַנע קומט אָבער אין טאָג פון דער חתונה און אַלץ ענדיקט זיך גוט פאַר ביידע הויפּט העלדן.

אליהו בחורס צווייט גרויס פּאָעטיש ווערק איז דער ראָמאַן „פּאַריז און וויענע”. דאָס זיינען נעמען פון אַ פאַרליבט פּאָרל. דער אינהאַלט באַשטייט ווידער פון פּאַסירונגען פון זייער ליבע־געשיכטע. דאָס ווערק איז פריי פון וואונדער, פון כישוף, פון איבערנאַטירלעכע העלדישקייטן. דער מחבר שטעלט אריין אַ סך אייגענע באַטראַכטונגען. פאַראַן אַ סך הומאָריסטישע און איראָנישע באַמערקונגען.

אליהו בחור באַציט זיך צו זיינע העלדן ניט ערנסט און וויל ניט אַז דער עולם זאָל גלייבן אין די מעשיות וואָס ער דערציילט. זיין שאַפן איז אַ שפּילן זיך פון אַ פּאָעט, אַ פאַרוויילן זיך און אַ פאַרוויילן דעם עולם.

## 7. דער אַלט־יידישער ראָמאַן און נאָוועלע

ווען מען האָט אָנגעהויבן דרוקן יידישע ביכער איז אונטערגעגאַנגען דער שפּילמאַן. איצט האָט מען שוין מער ניט געדאַרפט וואַרטן אויף אים כדי זיך צו פאַרוויילן מיט וואונדערלעכע מעשיות. אין פּוילן, וואָס האָט פון 16טן יאָרהונדערט אָן אָנגעהויבן צו שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין דער יידישער געשיכטע, זיינען קיין זינגער און נאַרן ניט געווען. ביים לייענען אָט די מעשיות, וואָס עס איז ניט געווען צו זיי קיין באַציאונג פון דרך־ארץ, איז גרינגער דער פּראָזע־טעקסט איידער די קאָמפּליצירטע סטראָפעס. האָט מען פון 16טן יאָרהונדערט אָן געדרוקט אַ סך מעשיות אין פּראָזע, וואָס זיי זיינען צום טייל געשאַפן געוואָרן אַ סך פריער אין פאָרעם פון פּאָעמעס, צום טייל זיינען זיי אויפגעקומען פון אָנהייב אָן אין דער פּראָזאאישער פאָרעם.

די מעשיות וואָס זיינען לכתחילה אויפגעקומען אין פּראָזע האָט מען גענומען פון פאַרשיידענע מקורים, דער עיקר אָבער פון דעם אַלטן יידישן קוואַל.

איינע פון די שענסטע פּראָזע-מעשיות איז „מעשה בריעה וזמרה״.

דער אינהאַלט: דער קיניג פון ירושלים האָט ליב דעם יונגן זמרה, וואָס פאַרליבט זיך אין בריעה, דער טאָכטער פון כהן גדול. אָבער איר פאָטער וויל ניט אָפּגעבן די טאָכטער פאַר אַזאַ פּשוטן בחור ווי עס איז זמרה. עס העלפט אויך ניט דעם קיניגס אריינמישן זיך. דערווייל דאַרפן יידן שיקן אַ מענטשן צום בייזן פויפּס וואָס רודפט יידן און זמרה איז מסכים צו זיין דער שליח, און אַזוי ווי דער כהן גדול מיינט אַז ער וועט קיין לעבע־דיקער ניט צוריקקומען, זאָגט ער אים צו די טאָכטער, אויב די שליחות זאָל זיך איינגעבן. זימרהס שליחות גיט זיך איין, אָבער דער כהן גדול ברעכט זיין וואָרט. בריעה שטאַרבט פון האַרצווייטאָג. זמרה קומט אויף אַ וואונדערפערד אויף יענער וועלט, קושט זיין טויטע געליבטע, וואָס מיינט אַז איבער דעם וועט ער שטאַרבן, און קומט צוריק אויף דער וועלט, געפירט פון אליהו הנביא. אָבער זמרה שטאַרבט אויפן דריטן טאָג און אין גן־עדן פּראַוועט מען די חתונה פון די ביידע געליבטע. דער מאָטיוו איז דאָ — די ליבע וואָס איז שטאַרקער פאַרן טויט. די מעשה האָט אין זיך די השפּעות פון ראָמאַנישע און דייטשישע לעגענדעס.

אַ סך מעשיות, ווי למשל די באַרימטע, „זיבן ווייזן מייסטער״, קומען פון מזרח.

די אַלע מעשיות האָבן געשאַפן אַ גאַנצע ליטעראַטור פון קליינע פאָלקס-ביכעלעך. זייער פאַרשפּרייטער איז געווען דער פאַקנטרע־גער וואָס האָט געבראַכט פאַרוויילונג- און מוסר-ליטעראַטור אין אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך, ביזן סוף 19טן י״ה.

## 8. די ראָלע פון דער פרוי אין דער אַלטער יידישער ליטעראַטור

אין דער תקופה פון געשריבענע ביכער איז דאָס בוך זעלטן און טייער. די רייכע יידישע פרויען, די דאַמען-פּאַטראָנעסעס, פלעגן באַשטעלן ביי קאָפּיסטן קליינע אַנטאָלאָגיעס מיט אַ פאַרשיידענעם אינהאַלט. אָט די זאַמלונגען זיינען געווען געוויינטלעך מתנות פאַר טעכטער, פאַר שניר. די קאָפּיסטן, אַ מאָל אויך איבערזעצערס און קאָמפּילאַטאָרס, האָבן געהייסן „שרייבער״; דאָס קאָפּירן איז

געוועזן אַ ספּעציעלע פּראָפעסיע. די „שרייבער", די „דינער פון אַלע פרומע ווייבער", האָבן געהאָלפן פאַרשפּרייטן די ליטעראַטור אויף יידיש וואָס איר ציל איז געווען צו לערנען די פרויען געוויסע דינים, ווי זיך אויפצופירן; זיי האָבן אַריינגענומען איבערזעצונגען פון געוויסע שטעלן פון תנך; אין זייערע אַנטאָלאָגיעס האָבן זיי אָבער אויך אַריינגענומען פאַרווײלונגס-ליטעראַטור.

דער שפּילמאַן האָט געזונגען פאַר אַלעמען, מענער און פרויען גלייך. די ליטעראַטור אויף צו ווייזן דעם ריכטיקן וועג אין לעבן האָט געהאַט דער עיקר אין זינען די פרוי און דעם עם-הארץ, וואָס ער קען ניט לייענען קיין לשון-קודשדיקע ספרים. אויף די שער-בלעטער — אַן אָפטע צושריפט: „גאַנץ שיין און באַשיידלעך פאַר ווייבער און מיידלעך". די פרוי איז געווען אַ לייענערין, אַ מעצענאַט און צום טייל אויך אַ שאַפערין פון דער ליטעראַטור אויף יידיש. טייל ווערק זיינען געשריבן אין אַ ספּעציעלן סטיל, צוגעפּאַסט פאַר דער לייענערין.

(ספּעציעל פאַר דער לעקציע אויסנוצן ש. ניגערס „די יידישע ליטע־ראַטור און די לעזערין" אין „פנקס" פון 1913).

## 9. יוסף בר יקרס סידור. די תחינה

איבערזעצונגען אויף יידיש פון תפילות זיינען אויפגעקומען זייער פרי. ווען אַ זעצער און אַ שותף אין אַ דרוקעריי, יוסף בר יקר, האָט צונויפגעשטעלט דעם ערשטן יידישן סידור, האָט ער זיך באַנוצט מיט אַלטע תפילה-איבערזעצונגען און האָט פון פאַרשיידענע וואַריאַנטן אויסגעקליבן דאָס וואָס ער האָט געהאַלטן פאַרן בעסטן. יוסף בר יקרס סידור פון מיטן 16טן י"ה האָט אפנים געהאַט אַ כוונה איינצופירן דאָס דאַווענען אויף יידיש; דער צונויפשטעלער זאָגט: „איך האַלט פאַר אייטל טאָרן (הוילע נאַראָנים) די אין לשון-קודש וואָלן אָרן (דאַוונען) און פאַרשטייען דרינען קיין וואָרט". אָבער דער פּרואוו איינצופירן אַ סידור אויף יידיש (אין וואָס מע קען איינזען אַ ווירקונג פון דער רעפאָרמאַציע-צייט) האָט זיך ניט איינגעגעבן. דערפאַר אָבער איז שפּעטער צו אויפגעקומען אויף יידיש די תחינה.

די תפילה אויף העברעאיש איז אַבסטראַקט, זי רעדט אין נאָמען און רעדט וועגן דעם גאַנצן כלל; זי איז ס'רוב קאַרג אין ווערטער. די תחינה אויף יידיש איז קאָנקרעט, זי איז שטענדיק

אין נאָמען פון איין געוויסן מענטשן און פאַר אַ גאַנץ באַשטימטער סיטואַציע (למשל, ווען אַ קינד איז קראַנק, אָדער עס איז דעם קינדס חתונה, אָדער דער מאַן איז אין וועג און נאָך צענדליקער אַנדערע). די תחינה איז האַרציק און באַריידעוודיק, אין אַ ספּע־ציעלן מאַמישן סטיל.

די צאָל תחינות איז זייער גרויס. ס׳רוב זיינען זיי אַנאָנימע שאַפונגען. דאָך ווייסן מיר אַ צאָל פרויען וואָס זיינען געווען באַוואוסטע ווי שאַפערינס פון תחינות. די באַרימטסטע תחינה־שרייבערין איז שרה בת טובים, וואָס האָט געלעבט אַנהייב 18טן י״ה. זי שטאַמט פון רבנים, איז געווען געלערנט און האָט געהאַט אַן אומגליקלעך לעבן. איר שווער געמיט דריקט זי אויס אין די תחינות. שפּעטער איז פון שרה בת טובים געוואָרן אַ לעגענדאַרע געשטאַלט (זיך דערמאָנען י. ל. פּרצעס „שרה בת טובים״).

## 10 און 11. „צאינה וראינה״

די ערשטע וואָרט־אין־וואָרט־איבערזעצונגען פון חומש זיינען געווען פאַר מלמדים, פאַר די וואָס האָבן געוואָלט וויסן דעם פשט פון די ווערטער. שפּעטער קומען אויף דרש־איבערזעצונגען מיט דעם נוסח פון מדרש. נאָך אַ ריי פּרואוון פון פריערדיקע מחברים, שאַפט יעקב בן יצחק פון יאַנאָוו (פּוילן) דעם „צאינה וראינה״, וואָס ווערט דאָס פּאָפּולערסטע ווערק פון דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור. 300 יאָר האָבן יידישע מוטערס שבת־איין שבת־אויס געלייענט דאָס זעלביקע ווערק, וואָס האָט געהאַט אַ גוואַלדיקע ווירקונג אויף דעם געמיט, דעם וועלטבאַנעם, דער דערציאונג פון קינדער, אויף דעם סכום יידישע לעגענדעס און יידישן מוסר וואָס פרויען האָבן איינגעזאַפּט, און אויך אויף דעם יידישן סטיל און אויף דער יידישער שפּראַך.

אַ פּאָר מוסטערן פון „צאינה וראינה״ (די שפּראַך איז דאָ מאָדער־ניזירט).

א) דער סאַמע אָנהייב. **בראשית ברא אלהים את השמים ואת הארץ.** צום ערשטן האָט גאָט באַשאַפן הימל און ערד, איז די ערד געווען וויסט און ליידיק און גאָטס כבוד האָט געשוועבט אין דער לופט איבער דעם וואַסער . . . און פאַר וואָס הייבט זיך די תורה אָן מיט אַ **בית?** צו וויזן אַז אַזוי ווי אַ **בית** איז פון דריי זייטן צו און די פאָרנטע זייט איז אָפן, אַזוי איז אויך די וועלט: פון דריי זייטן האָט הקדוש ברוך הוא זי צוגעמאַכט

און די זייט פון צפון — דארטן האט הקדוש ברוך הוא קיין הימל ניט געמאכט. נאך א פשט איז — ווייל מיט א **בית** הייבט זיך אן **ברכה** און מיט אן **אלף** הייבט זיך אן **ארור**, דעריבער האט הקדוש ברוך הוא אנגעהויבן מיט א **בית** . . . איז די **אלף** געפלויגן פאר הקדוש ברוך הוא און געזאגט: „הייב מיט מיר אן די תורה, דען איך בין דער ערשטער אות פון אלף־בית". האט הקדוש ברוך הוא איר געענטפערט: „אויף דעם בארג סיני וועל איך געבן די צען געבאט, וועל איך אנהייבן מיט אן אלף — **אנכי יהוה אלהיך**" . . . און דערום הייבט זי די תורה אן מיט דעם ווארט **בראשית** צו לערנען אונדז אז די וועלט איז געווארן באשאפן צוליב דער תורה וואס הייסט **ראשית דרכו** . . . רבי יצחק זאגט: „פאר וואס האט די תורה אנגעשריבן ווי גאט האט די וועלט באשאפן? די תורה איז דאך נאר מצוות, האט זי זיך גע־דארפט אנהייבן גאר פון מצוות? — נאר די זיבן פעלקער פון כנען וואלטן געזאגט צו די קינדער פון ישראל — איר זייט גזלנים, דען איר נעמט צו ארץ־ישראל פון אונדז. — וואלטן די קינדער פון ישראל זיי געענטפערט: „הקדוש ברוך הוא האט די וועלט באשאפן, האט ער דאס לאנד פריער אייך געגעבן און היינט וויל ער עס אונדז געבן" . . .

ב) דער אנהייב פון דער פרשה ויגש. **ויגש אליו יהודה**. און יהודה האט גענעענט צו יוספן מיט ווייכע רייד צו שטילן אים זיין צארן אזוי ווי אין פסוק שטייט: „ווייכע רייד קערן אום דעם צארן" און ער האט געזאגט צו יוספן די אלע רייד וואס וועלן דא ווייטער שטיין, כדי יוסף זאל איבער זיי זיך דערבארעמען. און יהודה האט זיך אנגעגרייט צו משפט און צו גוטע רייד און צו מלחמה, דעריבער האט ער געזאגט: **בי אדוני** — אין מיר וועסטו אלץ געפינען: אדער משפט, אדער ווייכע רייד, אדער מלחמה און דו וועסט ניט קענען באשטיין אקעגן מיר: נאך א פשט: יהודה האט געזאגט **בי אדוני** — אויף מיר זאל זיין די עבירה פון דעם בעכער, איך וועל אויף זיין ארט זיין דער קנעכט. און אויב דו וועסט פרעגן, פאר וואס איך נעם זיך אן פאר אים מער פון אלע ברידער — **כי עבדך ערב את הנער** ווייל איך האב מיין פאטער ערב געווען פאר אים צו ברענגען אים אהיים — **כי כמוך כפרעה**, דו ביסט אין מיינע אויגן חשוב אזוי ווי פרעה . . . ענטפערט יוסף: „איך זע אין מיין בעכער אז איר האט איין ברודער פאר־קויפט — פארוואס האסטו פאר אים ניט ערב געווען? און ווי יהודה האט דאס געהערט, זאגט ער צו נפתלין: גיי און זע, וויפל מערק און גאסן עס זיינען דא אין מצרים". איז נפתלי געקומען און זאגט: „עס איז פאראן צוועלף מערק". זאגט יהודה: „איך נעם אויף מיר דריי מערק און איר נעמט איטלעכער צו איין מארק". זאגן די ברידער צו יהודה: „ווען דו וועסט מצרים חרוב מאכן איז גלייך ווי דו האסט די גאנצע וועלט חרוב געמאכט, ווייל אלע לעבן איצט פון מצרים". האט יהודה ווידער אנגעהויבן

זיך צו קריגן מיט יוספן און זאָגט: — „דו ביסט פון אָנהייב געקומען מיט אַ בלבול און האָסט געזאָגט, מיר זיינען מרגלים, און דערנאָך האָסטו געזאָגט: מיר האָבן דעם בעכער געגנבעט, איז שווער איך ביי מיין פאָטער ווי דו האָסט געשוואָרן ביי פרעהן, אַז איך וועל באַלד מצרים פאַרבן מיט בלוט!" זאָגט יוסף: „איר זייט שוין לאַנג פאַרבערס, דען איר האָט יוספס העמד אויך געפאַרבט אין בלוט און האָט געזאָגט צום פאָטער: אַ חיה רעה האָט אים אויפגעגעסן". און ווי ער האָט דאָס גערעדט, האָבן אַלע ברידער מסכים געווען מע זאָל מצרים חרוב מאַכן. האָט יוסף זיך דערשראָקן און זיך געלאָזט דערקענען פון זיי, און האָט געהייסן אַלע זאָלן אַרויסגיין, נאָר די ברידער זאָלן בלייבן, כדי זיי זאָלן ניט פאַרשעמט ווערן פאַר די מצרים, וואָס זיי האָבן אים פאַרקויפט, און כדי ער זאָל ניט פאַרשעמט ווערן, וואָס ער האָט אָזעלכע ברידער . . .

ג)פון דער פרשה ואתחנן. די תפלה פון משהן איז געווען, אַז גאָט זאָל אים לאָזן קומען קיין ארץ־ישראל, ווייל משה האָט געמיינט אַז איבער דעם וואָס ער האָט איינגענומען די בײדע מלכים, סיחון און עוג, איז שוין מותר געוואָרן די שבועה אַז ער וועט ניט קומען קיין ארץ־ישראל. האָט גאָט אים געזאָגט: ניין, דו מוזסט שטאַרבן אין מדבר. אָדם הראשון איז עלטער פון דיר; ער האָט דעם טויט אויף דער וועלט געבראַכט, און איטלעכער מענטש מוז שטאַרבן!" האָט משה געזאָגט: „רבונו של עולם! אָדם הראשון האָט אַן עבירה געטאָן!" האָט גאָט געענטפערט: „אברהם האָט דאָך אויך געמוזט שטאַרבן וואָס ער האָט זיך געלאָזט אין פייער וואַרפן פון גאָטס וועגן". זאָגט משה: „פון אברהם איז אַרויסגעקומען ישמעאל, אַ רשע". זאָגט גאָט: „יצחק האָט אויך געמוזט שטאַרבן, וואָס ער האָט זיין האַלדז געשטרעקט אויף דעם מזבח, געקווילעט צו ווערן פאַר אַ קרבן צו מיר". זאָגט משה: „פון אים איז אַרויסגעקומען עשו הרשע". זאָגט גאָט: „יעקב האָט געהאַט צוועלף קינדער צדיקים און האָט געמוזט שטאַרבן". זאָגט משה: „יעקב איז ניט געגאַנגען אויפן הימל אַזוי ווי איך און האָט ניט מקבל געווען די תורה". אויך זאָגט משה: „די קינדער פון ישראל האָבן פיל עבירות געטאָן און דו האָסט זיי מוחל געווען און מיר ווילסטו ניט מוחל זיין". האָט גאָט צו אים געזאָגט: „מע טוט מער פון אַ רבים וועגן ווי פון אַ יחיד וועגן". זאָגט משה: „שטראָף מיך מיט יסורים און גיב מיך ניט אין דער האַנט פון מלאך־המות" . . .

און משה האָט געזען אַז זיין געבעט העלפט ניט, איז ער געגאַנגען צו הימל און ערד און געזאָגט: „טוט פאַר מיר תפילה". האָבן אים הימל און ערד געענטפערט: „מיר מוזן פאַר זיך תפילה טאָן, ווייל לסוף וועלן מיר פאַרלאָרן ווערן, אַזוי ווי אין פסוק שטייט: 'די הימלען וועלן צעגיין אַזוי ווי אַ רויך און די ערד וועט צעפוילט ווערן אַזוי ווי אַ קלייד'". איז משה

געגאַנגען צו די שטערן און צו דער לבנה און האָט זיי געבעטן: „טוט פאַר מיר תפילה". האָבן זיי געענטפערט: „מיר דאַרפן פאַר זיך תפילה טאָן". איז ער געגאַנגען צו אַלע הויכע בערג, האָבן זיי אויך אַזוי געזאָגט: „מיר דאַרפן פאַר זיך תפילה טאָן". איז ער געקומען צום ים, האָט דער ים צו אים געזאָגט: „משה, וואָס איז דיר? דו האָסט מיך געשפּאָלטן און די שכינה איז אַלעמאָל ביי דיין רעכטער האַנט געווען — און היינט וואָס איז דיר?" און משה האָט דערהערט אַז דער ים האָט געזאָגט וועגן זיינע וואונדער וואָס ער האָט געטאָן אין דער יוגנט, איז ער געלאָפן צו דעם העכסטן מלאך און האָט פאַר אים געוויינט און געשריען און האָט געזאָגט: „טו פאַר מיר תפילה". האָט דער מלאך געזאָגט: „איך האָב געהערט אַז די תפילה וועט ניט העלפן". האָט משה אָנגעהויבן צו שרייען און צו וויינען, האָט גאָט געזאָגט: „איך האָב געשוואָרן: אָדער די ישראל זאָלן חס-ושלום פאַר-לאָרן ווערן, אָדער דו זאָלסט שטאַרבן; ווילסטו לעבן — וועלן די ישראל פאַרלאָרן ווערן". האָט משה געענטפערט: „חס ושלום. איך און טויזנט אַזעלכע ווי איך זאָלן פאַרלאָרן ווערן, און איין ישראל זאָל ניט פאַרלאָרן ווערן" . . .

## 12. דאָס „מעשה-בוך"

אין 1602 איז אַרויס אַ זאַמלונג פון איבער 250 מעשיות. אין אָט דער זאַמלונג, וואָס טראָגט דעם נאָמען „מעשה-בוך", זיינען פאַראַן לעגענדעס, תלמודישע אגדתות, פאַריידישטע מאַטעריאַלן פון אָריענט און פון אייראָפּעאישן פאָלקלאָר. דאָרטן זיינען אויך פאַראַן מעשיות וועגן באַליבטע יידישע פאָלקסהעלדן, ספּעציעל וועגן יהודה חסיד. „דאָס מעשה-בוך" איז די העכסטע דערגרייכונג אין דער אַלטער ליטעראַטור אויפן געביט פון דערציילן אַ מעשה. „דאָס מעשה-בוך" האָט מיטגעהאָלפן אַז דער פּראָזע-נוסח זאָל אַרויס-שטויסן דעם אַלטן פערזן-נוסח. דער סטיל פון דעם „מעשה-בוך" האָט געווירקט אויפן אופן דערציילן אַ מעשה במשך פון הונדערטער יאָרן. „דאָס מעשה-בוך" איז געווען זייער באַליבט און פאַרשפּרייט.

דער סוזשעט פון די מעשיות איז אָפט אַ גאַנץ קאָמפּליצירטער. קורצע מעשיות פון אַמאָל ווערן באַוואָקסן מיט נייע דעטאַלן, ניט-יידישע מאָטיוון ווערן צונויפגעפלאָכטן מיט יידישע. אַלע מעשיות האָבן אַ מאָראַל, זיי ווילן פאַרפיינערן און אויסאיידלען דעם לייע-נער.

אַ מוסטער פון אַ מעשה וועגן ר' יהודה חסיד. אין רעגנסבורג האָבן געלעבט צוויי קריסטלעכע מויערערס וואָס האָבן געאַרבעט ביי אַ רייכן יידן

און דאָרטן דערזען אַ סך גאָלד. ווען דער ייד איז געווען אין שול, האָבן זיי דעם יידן באַגנבעט. אָבער נאָך דעם האָט איין גנב דאָרטן גופא, אין יידנס שטוב, דערהרגעט זיין חבר. ווען די קריסטן האָבן זיך דערוואוסט אַז ביים רייכן יידן אין שטוב האָט מען געפונען אַ דערהרגעטן קריסט האָבן זיי זיך געקליבן אָנצופאַלן אויף אַלע יידן און זיי אויסצוקוילען. איז ר׳ יהודה חסיד אַוועק צום בירגערמייסטער פון רעגענסבורג און געבעטן אַז ער, צוזאַמען מיט אַלע ריכטער, זאָל קומען צום אָרט וואו עס ליגט דער דער־הרגעטער. עס האָבן זיך צונויפגעקליבן אויך טויזנטער קריסטן. ר׳ יהודה חסיד האָט אויפגעהאנגען אַ קמיע אויף דעם האַלדז פון דעם דערהרגעטן און יענער איז לעבעדיק געוואָרן. ער האָט גענומען זוכן צווישן עולם זיין מערדער. ער האָט אים געפונען, ווי ער וויל זיך אויסבאַהאַלטן, און גע־נומען שרייען „דו האָסט מיך אומגעבראַכט כדי אליין צוצונעמען דאָס גאַנצע גאָלד״. מען האָט דעם מערדער פאַרמשפט צום טויט. דער דערהרגעטער איז אָבער ווידער געפאַלן צו דער ערד און שוין געבליבן אויף שטענדיק טויט.

די מעשה וועגן יידישן פויפּס: ביי ר׳ שמעון, דעם רב פון מיינץ, האָט אַ שבת־גויע צוגעגנבעט אַ קינד, וואָס איז שפּעטער אריינגעפאלן אין די הענט פון גלחים. דאָס קינד איז אויסגעוואקסן, געוואָרן אַ גרויסער קריסט־לעכער געלערנטער, געוואָרן אַ קאַרדינאַל און לסוף דער פויפּס אין רוים. ער האָט געוואוסט אַז זיין פאָטער איז געווען דער רב פון מיינץ.

האָט דער פויפּס געוואָלט זען דעם פאָטער זיינעם. האָט ער ארויס־געגעבן אַ באַפעל, אַז יידן פון מיינץ טאָרן ניט אָפּהיטן די יידישע דינים. די מיינצער יידן האָבן בעשלאָסן צו שיקן מענטשן צום פויפּס. בראש פון דער דעלעגאַציע איז געווען זייער אַלטער רב. ווען דער פויפּס האָט אויפ־גענומען דעם אַלטן רב, האָט ער מיט אים אַ לאַנגע צייט גערעדט אין לערנען און דערנאָך האָבן זיי זיך געזעצט שפּילן שאַך. דער אַלטער רב האָט באַמערקט אַז דער פויפּס מאַכט אַזעלכע געגג וואָס נאָר ער האָט זיי געמאכט און זיי געלערנט אַמאָל זיין זון. איז עס אים געוואָרן זייער פאַרדעכטיק. פלוצעם האָט דער פויפּס זיך געווענדט צום רב: „ליבער אַלטער פאָטער: קענט איר מיך ניט? האָט איר ניט פאַרלוירן אַמאָל אַ זון?״ און איידער דער רב האָט נאָך געהאַט צייט צו קומען צו זיך, האָט דער פויפּס געזאָגט אַז ער איז זיין פאַרלאָרענער זון אלחנן, און געפרעגט צי ער קען אויס־קויפן די זינד פון זיין אַזוי פיל יאָרן אַ קריסט. דער אַלטער פאָטער האָט אים געטרייסט. דער פויפּס האָט מיטגעגעבן אַ בריוו אַז די גזרה קעגן די מיינצער יידן ווערט בטל, נאָך דעם האָט ער אין געהיים פאַרלאָזן רוים און געקומען אַהיים קיין מיינץ וואו ער איז ווידער געוואָרן אַ ייד.

די מוסטערן וווּזן אַז די מעשיות זיינען אינטערעסאַנט, האָבן דראַמאַטישע שפּאַנונג, זיינען פאַנטאַסטיש און דאָך שפּיגלען זיי אָפּ דאָס לעבן אין געטאָ, די שרעק און די האָפענונגען פון יידישן פאָלק בעתן מיטלעלטער.

## 13. די מוסר־ספרים

איינע פון די הויפּט־טענדענצן פון דער אַלטער יידישער ליטע־ראַטור איז געווען מאָראַליש צו דערציען דעם לייענער, צו פאַר־שפּרייטן די עטישע פּרינציפּן פון דער יידישער קולטור צווישן יענע טיילן פון יידישן פאָלק וואָס האָבן ניט געקענט לייענען קיין העב־רעאישע ספרים. דעריבער שפּילט אַ גרויסע ראָלע דער מוסר־ספר. אויף העברעאיש איז דער מוסר־ספר אָפט געווען קורץ, שטרענג און טרוקן־זאַכלעך. אויף יידיש איז דער מוסר־ספר אַ סך באַריידעוודיקער און אַ סך מילדער. ער איז אויך בילדערישער און האַרציקער, ער שטעלט זיך אָפּט דעם ציל צו ווירקן דער עיקר אויף דער פרוי.

דער עלטסטער יידישער מוסר־ספר וואָס איז צו אונדז דער־גאַנגען איז „ספר מדות", וואָס פאַרטיידיקט דעם שטאַנדפּונקט פון דעם „גאָלדענעם מיטן" אין אַלע שווערע לעבנס־פּראָבלעמען: ניט זיין עקסטרעם, ניט זיין צו פאַנאַטיש, ניט קוקן מיט פאַראַכטונג אויף דער וועלט, און דאָך זיין זייער פרום. „ספר מדות" טרעט אַרויס קעגן דעם סכאָלאַסטישן פּילפּול ביים לערנען גמרא און קעמפט פאַר אַ בעסערער לערן־פּראָגראַם.

אַ ספּעציעל פרויענבוך איז דער מוסר־ספר וואָס הייסט „דער בראַנטשפּיגל", וואו דער מחבר זאָגט אין דעם אריינפיר־קאַפּיטל אַז די פרוי איז דאָס „זעמלמעל". „דער בראַנטשפּיגל" ווייזט אָן דער פרוי ווי אַזוי זיך אויפצופירן אין די פאַרשיידנסטע פאַלן: ווי צו זיין אַ גוטע ווייב, ווי צו האַלטן ריין די שטוב, און נאָך און נאָך פּראַקטישע אָנווייזונגען פאַרן טאָגטעגלעכן לעבן. אפילו ווי אַזוי צו ריידן מיטן מאַן, ווען מע וויל ביי אים עפּעס פועלן, אָדער ווי אַזוי זיך צו באַציען צו דער דינסט.

דער פּאָפּולערסטער מוסר־ספר פון 17טן י"ה איז געווען דער „לב־טוב", געשריבן פאַר מענער און פאַר פרויען. דער מוסר־ספר איז אַ סך פרימער ווי די פריער דערמאָנטע און רעדט אַ סך מער פון יענער־וועלט. דער „לב־טוב" רעדט אַ סך וועגן קינדער־דער־

ציאונג און וועגן דעם דרך־ארץ וואָס דאַרף זיין אין דעם פאַמיליע־לעבן. אויפהייבן אַ האַנט קעגן דער אייגענער ווייב איז ביי אים פאַררעכנט ווי די האַרבסטע עבירה: „דאָס שטייט קיין יידן ניט צו, דאָס איז ניט יידישלעך, עס איז פיל האַרבער אַז ווען ער אַן אַנדערן יידן שלאָגט... איינער דער ניט שלאָגט, נייערט ער הייבט זיין האַנט אויף צו שלאָגן — הייסט ער שוין אַ רשע... ער טאָר ניט ווערן אויפגערופן אויף דער ספר־תורה". דער „לב־טוב" איז זייער עמאָציאָנעל, איז פלאַמיק־רעליגיעז. גלייכצייטיק איז דאָס אַן אינטערעסאַנט בוך מיט אַ סך שיינע משלים און האַרציקע דייד.

אַן אייגנאַרטיקער מוסר־ספר איז „שמחת־הנפש", וואָס איז אַרויס אַנהייב 18טן י"ה. דער גרונטגעדאַנק איז דאָרטן אַז מע דאַרף דינען גאָט דורך פרייד. דער מחבר רעדט אין דעם לייענער אַז אַלץ אין לעבן זאָל ער נעמען פאַר ליב, די ליידן ווי די פריידן, און ער האַלט אין איין דערציילן מעשיות ווי אַזוי אַלץ לאָזט זיך אויס צום גוטן. דער צווייטער טייל איז אַ זאַמלונג לידער. „שמחת־הנפש" איז אַ פאַרגייער פון דער חסידישער באַוועגונג.

אַ מוסטער־מעשה פון „שמחת־הנפש":

אין אַ מדינה האָט זיך געפירט אַז אַ מלך פלעגט זיין בלויז אויף דריי יאָר. די האַרן פלעגן נעמען אַ בעטלער, אים איינגעבן אַ שלאָפטרונק און ברענגען אים אין פּאַלאַץ. אין דריי יאָר אַרום האָט דער קיניג ווידער געקראָגן דעם שלאָפטרונק און מע פלעגט אים פון דאָס ניי איבערטאָן אין די בעטלער־קליידער און אוועקלייגן דאָרטן וואו מען האָט אים געפונען. ביז עס האָט זיך געפונען אַ בעטלער א חכם וואָס איז, בעת ער איז געווען א מלך, דערגאַנגען די מעשה, און ער האָט באַצייטנס אַרויסגענומען פון זיינע שאַצקאַמערן אַלע אוצרות. ווען ער איז ווידער געוואָרן בעטלער, האָט ער געקענט ווערן אַ מלך אין אַן אַנדער אָרט, און זיין שטעלפאַרטרעטער האָט געפונען ליידיקע שאַצקאַמערן.

דער מוסר־השכל פון דער מעשה איז אַזאַ: דער מענטש ווערט נאַקעט געבאָרן, אָבער ער איז דער מלך איבער אַלע באַשעפעניש און איבער אַלע פאַרמעגנס פון דער וועלט. ער חלומט אַפּ די צייט און שטאַרבט און קומט ווידער נאַקעט און הויל צו דער מוטער־ערד. אָבער דער וואָס גרייט זיך צו מעשים־טובים — יענער ווערט אַ מלך, אַנדערשוואו, ער האָט עולם־הבא.

די מעשיות גופא ווערן זייער שיין דערציילט, מיט אַ סך פיינע קינסטלערישע פּרטים.

## 14. היסטאָרישע ווערק אויף יידיש.

## די היסטאָרישע פּאָעמע

די היסטאָרישע ווערק אין דער אַלטער יידישער ליטעראַטור זיינען אַזוי ווי אַ המשך פון דער מעשיות-ליטעראַטור און פון די מוסר-ספרים. זיי שטעלן זיך דערציערישע און רעליגיעז-עטישע צילן און אין זיי ווערט ניט שטענדיק אָפּגעטיילט דער היסטאָרישער אמת פון דער לעגענדע. ס'רוב זיינען די היסטאָרישע ווערק איבער־זעצונגען פון העברעאיש. עס איז געווען זייער פּאָפּולער דער „יוסיפון", אַ פאָלקסבוך וואָס דערציילט וועגן יידן בעת דעם צווייטן בית-המקדש. דער „יוסיפון" אויף יידיש איז אַרויס אין 16טן י"ה אין זייער אַ שיינער אויסגאַבע און נאָך דעם עטלעכע מאָל איבער־געאַרבעט און איבערגעדרוקט געוואָרן. סוף 16טן י"ה איז אַרויס די איבערזעצונג פון דעם באַרימטן „שבט יהודה", וואָס שפּיגלט אָפּ דעם גירוש שפּאַניע און דעם גירוש פּאָרטוגאַל. „שבט יהודה" איז פול מיט פּאַטאָס פון קידוש-השם. דער מחבר (שלמה אבן ווערגאַ) באַטראַכט דאָס יידישע פאָלק ווי אַ שטורקאַץ וואָס ברענט אַליין און באַלייכט מיט זיין ברענען די וועלט.

פון די היסטאָרישע ווערק וואָס זיינען לכתחילה געשריבן גע־וואָרן אויף יידיש איז דאָס באַדייטנדיקסטע „שארית ישראל", אַרויס אין מיטן 18טן י"ה. דאָס ווערק נעמט אַרום די געשיכטע פון יידישן פאָלק זינט דעם חורבן פון בית שני ביז צו דער צייט פון דעם מחבר. די מקורים זיינען הן יידישע, הן ניט-יידישע. דער מחבר וויל שאַפן אַ געשיכטלעך ווערק, אָבער דאָך איז דאָרטן ניט שטענדיק אָפּגעטיילט דער היסטאָרישער פאַקט פון דער לעגענדע. זייער אַ סך מאַטעריאַל געפינען מיר דאָרטן וועגן יידישן ישוב אין האָלאַנד. דער „שארית ישראל" האָט געהאַט גרויס דערפאָלג און איז איבערזעצט געוואָרן אויף העברעאיש און האָלענדיש.

### אַ ציטאַט פון „שארית ישראל"

**בימי, אין די טעג פון קיניג וולאַדיסלאַוו, וואָס איז געווען אַ קיניג אין פוילן . . . ער איז געווען זייער אַ גוטער און פרומער קיניג, ער איז ראוי געווען געציילט צו ווערן צווישן די צדיקים, דען ער האָט די גאַנצע צייט זייער אַ סך גוטס געטאָן מיט די יהודים אין פוילן. אין זיינע צייטן האָט זיך אויפגעשטעלט אַ שפלע אומה, וואָס הייסן קאָזאַקן, דאָס זיינען די יוונים.**

זיי זיינען געווען פויערים, אקערלייט און זיי האבן מורד געווען קעגן דעם קיניג וולאדיסלאוו און קעגן זיינע הארן. דאס איז געווען אין יאר ת״ח, און די גזירה האט זיך אנגעפאנגען אין חודש ניסן. און זיי האבן אנגעפאנגען צו טייטן אונטער די יהודים כמה מאות נפש. דא זיינען אויפגעשטאנען פיל גרויסע שרים מיט נאך פיל פאלק פון די פאליאקן אום צו שטרייטן קעגן די קאזאקן. און עס איז געשען אז די פאליאקן זיינען געקומען נאענט צו זייער מחנה אין לאנד פון די רשעים, וואס ווערט גערופן אוקראינע, דא זיינען די קאזאקן קעגן זיי געקומען אום צו שטרייטן . . .

די באשרייבונגען פון פארשיידענע נסיעות זיינען אויך זייער נאענט צו מעשה-ביכער. דארטן מאכט מען ניט שטענדיק אן אונטערשייד צווישן דעם וואס די באשרייבערס האבן אליין געזען און דעם וואס מען האט זיי דערציילט. טייל באשרייבונגען זיינען לכתחילה געשריבן ווי פאנטאסטישע אוואנטורע-ראמאנען, למשל „מעשה אמסטערדאם" („רייזבאשרייבונג דאס האט געמאכט הרב רבי לוי פון אמסטערדאם, ווי ער מיט נאך ניין יהודים זיינען אוועק פון אמסטערדאם אויף דעם אקרענט... זיי זאלן רייזן אויף דעם ים צו געפינען אינדזלען וועלכע ניט באקאנט זיינען... צו דערגיין אויב עס געפינען זיך ניט ערטער וואו יהודים זיינען וואס מיר האבן נאך פון זיי ניט געוואוסט").

עס זיינען אבער אויך געווען רעאליסטישע, אמתדיקע „רייז-באשרייבונגען", צום טייל אויך אזעלכע וואס זיינען געווען פאר-בונדן מיט מעמוארן.

א באזונדער ארט אין דער אלטער יידישער ליטעראטור פאר-נעמט די היסטארישע פאעמע. דאס איז א ליד וועגן א וויכטיקער געשעעניש וואס דער דיכטער האט זי אליין איבערגעלעבט און וואס נאך איר בלייבט א געדענקטאג אין דער קהילה. געוויינטלעך רעדט זיך אין דער היסטארישער פאעמע וועגן אן אומגליק פאר דער קהילה: א גירוש, א גזירה, א שרפה, אן עפידעמיע. די היסטא-רישע פאעמע גיט ס'רוב גאנץ גענוי איבער די פאקטן און דריקט אויס די שטימונגען פון דער צייט. באזונדער פילצאליק איז די היסטארישע פאעמע פארטראטן אין דעם 17טן י״ה. א מוסטער פון אט דעם מין ליטערארישן שאפן איז די פאעמע „ווינץ-האנס-ליד", וואס דערציילט וועגן א גירוש אויף יידן פון פראנקפורט-דמיין און וועגן דעם צוריקקומען אין דער אלטער קהילה.

# 15. גליקל האמילס זכרונות

פון אנהייב 18טן י״ה איז פארבליבן א מערקווערדיק ווערק פון א פרוי, זכרונות פון גליקל האמיל. דאס איז אן אינטערעסאנטע לעבנס-געשיכטע, וואו עס שפיגלען זיך אפ א ריי געשעענישן פון דער צווייטער העלפט 17טן י״ה. די זכרונות האבן א גרויסן היס־טארישן ווערט, ווייל זיי גיבן איבער, ווי אזוי יידן האבן געלעבט דאס טאגטעגלעכע לעבן זייערס און ווי זיי האבן איבערגעלעבט גירושים, רעכטלאזיקייט און אזא גרויסע פאסירונג ווי די שבתי־צבי־באוועגונג. די זכרונות דערציילן געענוי וועגן דעם משפחה-לעבן, וועגן די געשעפטן, די געזעלשאפטלעכע פארהעלטענישן, דעם אינעווייניקסטן נשמה-לעבן פון א יידישער פרוי. גליקל האמיל שרייבט זייער ביל־דעריש, מיט משלים און ווערטלעך. זי האט א פיינעם הומאר און ווייזט ארוים באקאנטשאפט מיט דער אלטער יידישער ליטעראטור. איר סטיל איז א רעזולטאט פון דער ווירקונג וואס עס האט געהאט דער מוסר-ספר. די זכרונות שרייבט זי כדי אירע קינדער זאלן וויסן געענוי איר לעבן און כדי צו זיין פארנומען אין די שלאפלאזע נעכט, נאכן טויט פון איר מאן. זי האט אנגעהויבן שרייבן ווען זי איז געווען אלט 44 יאר, געוועזן א מאמע פון 12 קינדער, אן אלמנה וואס דארף פירן גרויסע געשעפטן. אבער עטלעכע יאר שפעטער רייסט זי איבער דאס שרייבן, און גאר אויף דער עלטער פארענ־דיקט זי אירע זכרונות.

**איר לעבנס־געשיכטע: גליקל איז געבארן געווארן אין האמבורג, אין 1645. איר פאטער איז געווען דער פרנס פון דער קהילה. ווען זי איז אלט געווען דריי יאר, האט מען ארויסגעטריבן די יידן פון האמבורג און די משפחה האט זיך באזעצט אין א דערבייאיק שטעטל. ביסלעכוויז זיינען יידן צוריקגעקומען קיין האמבורג. די יונגע יארן זיינען פול מיט זכרונות פון גירוש, מיט זכרונות פון די צרות נאך דער דרייסיק־יעריקער מלחמה, מיט זכרונות וועגן פליטים פון פוילן, נאך די גזירות ת״ח. צו 14 יאר האט מען זי חתונה געמאכט און זי האט געלעבט מיטן מאן אין האמעלן, ניט ווייט פון האמבורג. דערנאך האט זיך די משפחה באזעצט אין האמבורג. ווען זי איז געווען א יונגע פרוי, האבן יידן פון דייטשלאנד זיך געקליבן קיין ארץ־ישראל, ווייל מען האט געגלייבט אז שבתי־צבי איז משיח און אז אלע יידן וועלן באלד אויסגעליזט ווערן. מען האט אפילו ניט געוואלט זיך פארנעמען מער מיט די געווינלעכע געשעפטן און געהאלטן פארפאקט דאס האב־און־גוטס.**

איר מאַן האָט געפירט גרויסע געשעפטן און זיי האָבן זיך משדך געווען מיט זייער חשובע משפחות פון דייטשלאַנד. נאָכן טויט פון מאַן זיינען די געשעפטן געוואָרן א סך ערגער. עס זיינען פאַרבליבן אויך קליינע, ניט פאַרזאָרגטע קינדער, און נאָך דעם ווי גליקל איז אָפּגעווען צען יאָר אַן אלמנה, האָט זי אַ צווייט מאָל חתונה געהאַט מיט אַן עלטערן יידישן באַנקיר פון מעץ, כדי בעסער צו פאַרזאָרגן אירע ייִנגערע קינדער. איר צווייטער מאַן האָט אָבער פאַרלאָרן זיין גאַנצן פאַרמעגן און אויך דאָס געלט וואָס גליקל האָט געהאַט. ער לעבט אויפן חשבון פון זיינע קינדער, און ווען ער שטאַרבט, בלייבט גליקל אַן אַלטע און איינזאַמע פרוי, אויסגעהאַלטן פון אירע קינדער. זי שטאַרבט אין מעץ, אין עלטער פון 79 יאָר. די זכרונות אירע האָט זי פאַרענדיקט ווען זי איז אלט געווען 75 יאָר. אירע זכרונות זיינען איבערגעגאַנגען בירושה אין דער משפחה, פון דור צו דור. זיי זיינען דאָס ערשטע מאָל אָפּגעדרוקט געוואָרן ערשט צום סוף פאַריקן י״ה.

---

פאַר די לעקציעס 2־15 קען מען אויסנוצן:

1. מ. ווינרייך, „בילדער פון דער יידישער ליטעראַטור־געשיכטע״.
2. מאַקס עריק, „די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור״.
3. י. צינבערג, „געשיכטע פון ליטעראַטור ביי יידן״, באַנד 6.

## 16. די פורים־שפּילן

די יידישע טעאַטראַלישקייט קומט פון צוויי מקורים: פון דעם יום־טוב פורים און פון חתונות. דער פּראָפעסיאָנעלער פאַרווײלער איז געווען דער נאַר, דער לץ, דער קאַטאָוועס־טרייבער, דער מאַר־שאַלעק. אָט די פּראָפעסיאָנעלע פאַרוויילערס פלעגן אויפטרעטן אליין אָדער זיך צונויפנעמען אין וואַנדערנדיקע טרופּעס. זייער רעפּערטואַר איז באַשטאַנען פון וויצן, ווערטלעך, לוסטיקע גראַמען, טענץ און קורצע סצענקעס. פון 15טן י״ה אָן האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַ יידישער טעאַטער־רעפּערטואַר. דאָס צענטראַלע אָרט פאַרנעמט אין אים די „אחשורוש־שפּיל״, וואָס האָט אַ סך פאַרשיי־דענע וואַריאַנטן. נאָך דעם זיינען צוגעקומען: „מכירת יוסף״, „דוד און גלית־שפּיל״, „עקידת יצחק״, „שלמה המלכם משפט״, „יציאת מצרים״, „געשיכטע פון קיניג שאול״ א״א. די אלע שפּילן זיינען געווען צוגעפּאַסט צום שפּילן אין אַ צימער, זיי זיינען געווען אַ געמיש פון שפּאַס און ערנסט. דער הויפּטסעזאָן איז געווען פורים־

צייט, פון אַ צוויי וואָכן פאַר פורים ביז אַ צוויי וואָכן נאָך פורים. זעלטענער פלעגט מען שפּילן חנוכּה־צייט.

עס זיינען דערגאַנגען ידיעות וועגן אַ יידישן טעאַטער אין פראַנקפורט־דמיין אָנהייב 18טן י״ה. אין דער יידישער געטאָ האָט מען אין 1708, אַ חודש צייט, יעדן אָוונט געשפּילט טעאַטער. די שפּילערס האָבן צוגעצויגן אַזאַ גרויסן עולם, אַז ביי דער טיר האָט מען געמוזט אַוועקשטעלן צוויי זעלנערס צו היטן די אָרדענונג. די אַקטיאָרן האָבן גענוצט „מאַשינען" צו מאַכן פייער און דונער. מען האָט געשטעלט „מכירת יוסף" און „דוד און גלית". קריסטן זיינען אויך געלאָפן קוקן די פאָרשטעלונגען.

אָבער אַ סך שטאַנדהאַפטיקער ווי דער פּראָפעסיאָנעלער טעאַ־טער איז געבליבן די פאָלקשפּיל, די פורים־שפּיל, וואָס איז געוואָרן אַ שטריך פון דעם לעבן־שטייגער אין די יידישע שטעט און שטעט־לעך ביז צום 20טן י״ה. (אין י. דינעזאָנס „הערשעלע" איז פאַראַן אַ באַשרייבונג, ווי ישיבה־בחורים פירן אויף „מכירת־יוסף" און שלום־עליכם גיט אַ שיינע באַשרייבונג פון די פורים־שפּילערס אין דער דערציילונג „ביים קיניג אחשורוש").

---

פאַר דער לעקציע 16 קען מען אויסניצן:

1. יצחק שיפּער, „געשיכטע פון יידישער טעאַטער־קונסט און דראַמע".
2. יעקב שאַצקי, „די געשיכטע פון יידישן טעאַטער" אין צווייטן באַנד „יידן" פון דער יידישער ענציקלאָפּעדיע.

## 17. פאָלקסלידער

פאָלקסלידער זיינען שאַפונגען פון אַנאָנימע מחברים, פּשוטע פאָלקסמענטשן. דאָס פאָלק האָט די לידער אויפגעכאַפּט און געזונגען; זיי זיינען אָפט איבערגעגאַנגען פון דור צו דור און האָבן צום טייל געוואַנדערט פון אָרט צו אָרט, און אָנגעוואָרן די פאַר־בינדונג מיטן שאַפער און מיט די קאָנקרעטע באַדינגונגען פון לכתּחילהדיקן ליד. אין די פאָלקסלידער שפּיגלט זיך אָפּ דער כאַ־ראַקטער פון דער פאָלקס־נשמה. אין פאָלקסליד ווערן אויסגעדריקט די פריידן און ליידן פון דעם פּשוטן מענטשן. די פאָרעם פון פאָלקס־ליד איז געוויינלעך זייער קלאָר און פאַרשטענדלעך. עכטע פאָלקס־לידער זיינען אַלע מאָל פאַרבונדן מיט אַ מעלאָדיע.

וואָס לענגער אַ פֿאָלקסליד וואַנדערט אַרום צווישן פֿאָלק און וואָס מער עס ווערט געזונגען — אַלץ מער וואַריאַנטן האָט עס. די וואַריאַנטן קענען אָפֿט מאָל אויפֿדעקן באַזונדערקייטן צווישן פֿאַר־שיידענע געגנטן. למשל אין ליטע איז דאָ אַ פֿאָלקסלידל:

ייִנגלעך מיט מיידלעך
האָבן זיך גענומען;
תשעה־באָב די חתונה —
קיינער איז ניט געקומען.

דאָ שפּיגלט זיך אָפּ די צייט פֿון די כאַפּערס, ווען מען האָט אויף גיך חתונה געמאַכט קליינע קינדער כּדי מע זאָל זיי ניט צונע־מען פֿאַר זעלנער. אָבער ווען דאָס זעלביקע לידל האָט אַריבער־געוואַנדערט קיין פּוילן, האָט עס אָנגעוואָרן דעם היסטאָרישן קערן און איז געוואָרן סתם אַ נייטראַל לידל פֿון וואָכעדיקן לעבן:

באָבעלעך מיט קליסקעלעך
האָבן זיך גענומען —
תשעה־באָב די חתונה
קיינער איז נישט געקומען.

אין ייִדישן פֿאָלקסליד האָבן מיר די אוניווערסאַלע טעמאַטיק פֿון פֿאָלקסלידער בכלל (ליבע, בענקעניש, דאָס געזעגענען זיך, טרויִ־שאַפֿט און אומטרייִשאַפֿט, וויגלידער, חתן־כּלה־לידער, קינדערלידע־לעך, לידער־רעטעניש און אַנדערע). גלייכצייטיק האָבן מיר אויך ספּעציעל ייִדישע לידער: רעליגיעזע לידער, יום־טובֿ־לידער, לידער וועגן ייִדישע צרות. אָבער אויך אין די לידער מיט דער אַלגעמיינער טעמאַטיק זיינען פֿאַראַן ניט בלויז דרויסנדיקע אַנדערשקייטן און אַן אָפּשפּיגלונג פֿון דעם ייִדישן שטייגער לעבן, נאָר אויך אַן אייגנ־אַרטיקער געפֿילטאָן.

זייער גרויס איז צאָל זיינען די ליבע־לידער. עטלעכע ביי־שפּילן:

א) פֿון וואַנעט הייבט זיך אָן די ליבע?
פֿון ריידן, פֿון שמועסן, פֿון לאַכן.
אונדזער ליבע האָט זיך אָנגעהויבן
גאָר פֿון אַנדערע זאַכן.

דאָרט גייען זיך מענטשעלעך צווײ,
דאָרט גייען זיך מענטשעלעך צווײ.
ליבן, ליבן זײ זיך זייער —
ס'איז נישט קיין גלייכן צו זײ.

— געגוג שוין מיט מיר צו ריידן,
געגוג שוין מיט דיר צו שמועסן.
פיר מיך אַפּ אַהיים,
דער טאַטע וועט די טיר פאַרשליסן!

— אַהיים, ליובטשע, וועל איך דיך אָפּפירן,
ביים גלעקעלע וועסטו אָנקלינגען,
אַ ליד וועל איך פון אונדזביידן מאַכן,
די גאַנצע וועלט זאָל פון אונדז זינגען.

צו מאָרגנס אין דער פרי
הער איך די גאַנצע וועלט קלינגען —
פאַרהאַפן פאַרהאַף איך צו גאָט,
אַז מיינע שונאים וועלן ווערן צעשפּרונגען.

וואָס דער רעגן ווערט גרעסער,
ווערן די שטיינדעלעך נאַסער, —
אונדזער ליבע איז ארויפגעשוואומען
אַזוי ווי בוימל אויפן וואַסער.

בוימל אויפן וואַסער
טוט דאָך פון אויבן אַרויפשווימען,
וועלכעס מיידעלע עס וויל פירן אַ ליבע —
דער סוף זאָל איר אַזוי אויסקומען!

ב) — הער נאַר, דו שיין מיידעלע
הער נאַר דו פיין מיידעלע
וואָס וועסטו טאָן אין אַזאַ וויטן וועג? (2)

— איך וועל גיין אין אַלע גאַסן,
איך וועל שרייען: „וועש צו וואַשן!" —
אַבי מיט דיר צוזאַמען זיין! (2)

— הער נאַר דו...
וואו וועסטו וואַשן אין אַזאַ וויטן וועג? (2)

— דו מוזסט מײנען אז איך בין שוואַך,
איך קען וואַשן װעש בײם טײך —
אַבי מיט דיר...

— הער נאַר...
אויף וואָס װעסטו טרינקען אין אַזאַ װײטן װעג? (2)

— כ'וועל פאַרקויפן מײן מונדיר
און װעל מיר קויפן אַ לאַנגע שנור,
אַבי מיט דיר...

— הער נאַר...
וואָס װעסטו עסן אין אַזאַ װײטן װעג? (2)

— ברויט מיט זאַלץ װעל איך עסן,
טאַטע־מאַמע װעל איך פאַרגעסן,
אַבי מיט דיר...

— הער נאַר...
אויף וואָס װעסטו שלאָפן אין אַזאַ װײטן װעג? (2)

— איך בין נאָך אַ יונגע פרוי,
איך קען שלאָפן אויף אַ בינטל שטרוי,
אַבי מיט דיר...

— הער נאַר דו...
מיט וואָס װעסטו זיך צודעקן אין אַזאַ װײטן װעג? (2)

— דער טוי פון הימל װעט מיך צודעקן,
די פײגעלעך װעלן מיך אויפוועקן,
אַבי מיט דיר...

ג) דײַנע אויגן זײַנען שײן,
זײ זײַנען בײַ מיר טײַער.
מיט דײַן ליבן, זיסן חן
האָסטו אָנגעצונדן אין מײַן האַרץ אַ פײַער.
און מײַן האַרץ ציט צו דיר
אַזוי װי מאַגנעט צו אײַזן־שטאָל,
און די ליבע ברענט אין מיר,
זי װערט גרעסער װאָס אַ מאָל.

װען איך זאָל האָבן פֿליגעלעך,
װאָלט איך צו דיר געפֿלױגן;
װען דו װאָלסט האָבן גאָט אין האַרצן,
װאָלסטו צו מיר געצױגן.
און מײַן האַרץ...

װען איך װאָלט געװען אַ פֿישעלע,
װאָלט איך צו דיר געשװאומען;
װען איך װאָלט װיסן װאו דו ביסט,
װאָלט איך צו דיר געקומען
און מײַן האַרץ...

ד) פּאַפּיר איז דאָך װײַס און טינט איז דאָך שװאַרץ,
צו דיר, מײַן זיס לעבן, ציט דאָך מײַן האַרץ.
כ׳װאָלט שטענדיק געזעסן דרײַ טעג נאָכאַנאַנד
צו קושן דײַן שײן פּנים און צו האַלטן דײַן האַנט.

אױ דעמאָלט װאָלט איך געװאוסט פֿון אַ װעלט,
כ׳װאָלט שטענדיק געאַרבעט, געאַקערט אין פֿעלד.
מיט פֿיל פֿאַרגעניגן װאָלט איך מיט דיר פֿאַרבראַכט,
כ׳װאָלט געזעסן מיט דיר בײַטאָג און בײַנאַכט!

נעכטן בײַנאַכט בין איך אױף אַ חתונה געװען,
פֿיל שײנע מײדלעך האָב איך דאָרטן געזען.
פֿיל שײנע מײדלעך — צו דיר קומט נישט גאָר,
צו דײַנע שװאַרצע אײגעלעך, צו דײַנע שװאַרצע האָר.

דײַן טאַליע, דײַן מינע, דײַן אײדעלער פֿאַסאָן —
אין הארצן ברענט א פֿײער, מע זעט עס נישט אָן.
נישטאָ אַזאַ מענטש װאָס זאָל פֿילן װי עס ברענט,
דער טױט און דאָס לעבן איז בײַ גאָט אין די הענט.

אַך דו ליבער גאָט, הער אױס מײַן פֿאַרלאַנג!
דעם עושר גיסטו כּבֿוד מיט אַ שײנעם גאַנג.
מיר גיב אַ שטיבעלע אױף דעם גראָז דעם גרינעם
אַז איך מיט מײַן זיס לעבן זאָלן װאױנען דערינען.

מיט ליבע־לידער בינדן זיך געזעגן־לידער, לידער װעגן אומגע־
טרײַשאַפֿט, משפּחה־לידער מיט טענות צו די עלטערן און אַנדערע.

די פאָלקסלידער וועלכע וואַקסן אַרויס פון עפּעס אַן אויסערגעוויינלעכער פּאַסירונג, וואָס האָט אויפגערודערט דאָס שטעטל און געשטויסן אין אַנאָנימען פּאָעט אָנצושרייבן וועגן דער געשעעניש אַ ליד — זיינען אויך ס׳רוב פאַרבונדן מיט דעם ליבע־מאָטיוו. איין ביישפּיל:

ה) פייגעלע איז געווען אַ וואוילע מויד,
זי האָט נאָך קיין מאָל נישט געליבט.
איין מאָל האָט זי זיך פאַרן טויער געשטעלט,
דאָס האַרץ איז געווען איר באַטריבט.
איז פאַרבייגעגאַנגען אַן אָפיציר
און האָט זיך אין איר פאַרליבט.

זי איז מיט אים שפּאַצירנס געגאַנגען,
זיין שווערד האָט געטאָן אַ קלונג,
אָך און וויי איז צו מיר,
איך בין דאָך אַ יידיש קינד!

וואָס גייסטו נישט אַהיים צו דיין ווייב און קינד?
זיי ווייסן דאָך נישט וואו דו ביסט!
איך קען דאָך מיט דיר נישט חתונה האָבן,
ווייל דו ביסט אַ קריסט.

אין אַ שלעכטן וועטער, צוועלף ביי נאַכט,
דאָ האָט זיך דאָס אומגליק געטראָפן:
ער האָט זי פאַרן טויער אָפּגעוואַרט
און האָט זי מיט אַ מעסער דערשטאָכן.

זי האָט געשריען: „שוועסטער, מאַך אויף,
איך בין אין אַ גרויסער נויט!״
און אידער די שוועסטער האָט די טיר אויפגעמאַכט,
איז פייגעלע געלעגן שוין טויט.

גרויס איז די צאָל חתן־כלה־לידער און חתונה־לידער. צום טייל זיינען זיי ביז גאָר פּאָפּולער. למשל:

ו) יאָמע, יאָמע, שפּיל מיר אַ לידעלע,
וואָס דאָס מיידעלע וויל? אאז״וו.

אדער

ז) כאַצקעלע, כאַצקעלע,
שפּיל מיר אַ קאַזאַצקעלע,
כאַטש אַן אָרעמינקע,
אָבי אַ כוואַטסקעלע.
אָרעם איז ניט גוט... אאז״וו.

אין די לידער פון פאַמיליע-לעבן פאַרנעמען אַ חשוב אָרט די באַציאונגען צווישן שנור און שוויגער, למשל:

ח) איז געפלויגן די גאָלדענע פּאַווע איבער אַלע ימען...

און

ט) לייג איך מיין קעפּעלע אויף מיין מאַמעס בעטעלע...

פון צווישן דער גרויסער צאָל וויגלידער איז קלאַסיש דאָס לידל מיט דעם קלאָר-ווייסן ציגעלע. דאָס איז איינער פון די פילצאָליקע וואַריאַנטן:

י) אונטער יאַנקעלעס וויגעלע
שטייט אַ קלאָר־ווייסע ציגעלע.
דאָס ציגעלע איז געפאָרן האַנדלען,
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען.
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען איז זייער זיס,
יאַנקעלע וועט זיין געזונט און פריש.

און אַ צווייטער וואַריאַנט:

די ערשטע פּאָר שורות ווי פריער און —
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען איז די בעסטע סחורה,
יאַנקעלע וועט לערנען תורה.
תורה וועט ער לערנען, ער וועט לאָזן פון זיך הערן,
אַ גוטער און אַ פרומער וועט יאַנקעלע ווערן.

פאַראַן אַ צאָל שיינע לידער פון לעבן-שטייגער, לידער וואָס קלאָגן אויפן דלות, למשל:

יא) וואָלט איך געווען אַ רב, קען איך ניט קיין תורה,
וואָלט איך געווען אַ סוחר, האָב איך ניט קיין סחורה. אאז״וו.

ס׳זיינען אויך פאַראַן פילאָזאָפישע לידער, ווי למשל:

יב) אויפן בריק, איבערן בריק
פליען טויבן פארן,
נאך קיין נחת נים געהאט
אוועק מיינע יונגע יארן.
שפאנט זשע מיר ברידער די שווארצע קארע פערד...

אדער

יג) פרעגט די וועלט אן אלטע קשיא...

פאראן א סך פאלקסלידער וואס זיינען פארבונדן מיט לעבן פון בעל-מלאכה, למשל:

יד) בין איך מיר א שניידערל א גוטער...

(אויסנוצען פון „שלמה ר׳ חיימס״ מענדעלעס באשרייבונג ווי אזוי די בעלי־מלאכות שאפן פאלקסלידלעך. זיך דערמאנען אויך א פורים־ליד, א שמחת־תורה־ליד. פאר דער לעקציע אויסנוצן י. ל. כהן, „יידישע פאלקס־לידער״).

## 18. די חסידישע באוועגונג

די גרויסע, רעליגיעז־דעמאקראטישע חסידישע באוועגונג, וואס זי האט געהויבן די חשיבות פון דעם פשוטן פאלקסמענטש, האט אויך געהויבן דאס אנזען פון דער יידישער שפראך. חסידות האט אריינ־געבראכט א סך נייע ווערטער פאר באגריפן פון גייסטיקן לעבן (התלהבות, תיקון, מדרגה, דבקות א״א). א דאנק חסידות ווערט יידיש די שפראך פאר איידעלע און טיפע שאפונגען. חסידישע רביים האבן געהאלטן פון מאמע־לשון ווי א שפראך פון הארץ און האבן אפילו געשאפן תפילות אויף יידיש. א דאנק דער חסידישער בא־וועגונג קומט צו נײַ לעבן אין פאלקלאר. עס שאפן זיך נייע ניגונים און נייע לידער, עס צעשפילט זיך דעם פאלקס פאנטאזיע און עס קומען אויף גאנצע סעריעס וואונדערלעכע מעשיות וועגן חסידישע רביים.

דאס לעבן פון דעם גרינדער פון דער חסידישער באוועגונג, ר׳ ישראל בעל־שם־טוב, איז אין גאנצן ארומגעוועבט מיט לעגענ־דעס. צום טייל זיינען עס אלטע מאטיוון פון דער פאלקס־מעשה (צום טייל אפילו אדאפטירטע פון דער פרעמד), אבער עס שאפן זיך אויך נייע מאטיוון, און דער עיקר עס פורעמען זיך אוים אויסטער־לישע געשטאלטן פון צדיקים: 1) פון דעם בעש״ט, וואס זיין גרוים הארץ נעמט ארום די גאנצע וועלט, פון שטערן ביז צום ווערעמל;

2) פון דעם מעזריטשער מגיד, וואס איז געווען א וואונדערלעכער משלים-דיכטער; 3) פון ר׳ לוי־יצחק בארדיטשעווער, וואס איז געווען א דיכטער און קאמפאזיטאר (למשל: „מאירקע מיין זון, מאירקע מיין קינד״; „גאט, איך וועל פאר דיר א דודעלע שפילן״; ר׳ לוי־יצחקס קדיש) און וואס איז דער אייביקער מליץ-יושר (פארטיידיקער, גוטס-זאגער) פון דעם יידישן פאלק און געפינט שטענדיק און אין אלץ דאס גוטע; 4) פון ר׳ נחמן בראצלעווער (זען ווייטער).

ביים טיש פון חסידישן רבין האט מען געזונגען ניגונים וועלכע האבן זיך שפעטער פארשפרייט ניט בלויז צווישן די אייגענע חסידים, ניט בלויז צווישן חסידים בכלל. מען האט דארטן געזאגט תורה וואס איז געווען פארבונדן מיט ווערטלעך, מיט משלים, מיט שיין פארמולירטע אנצוהערענישן. דער רבי אליין האט דערציילט מעשיות און נאך מער האבן די חסידים זיך דערציילט מעשיות וועגן רבין. הכלל, די חסידישע באוועגונג האט געעפנט א נייעם קוואל פאר דער וואָרטשאפונג, פאר מוזיק, פאר קונסט ביי יידן.

אויסנייצן פאר דער לעקציע:

1. ש. א. האראדעצקי, „החסידות והחסידים״.
2. ש. דובנאָוו, „געשיכטע פון חסידיזם״.
3. י. צינבערג, „געשיכטע פון ליטעראטור ביי יידן״, באנד 7, טייל 2).

## 19 און 20. ר׳ נחמן בראצלעווער

ר׳ נחמן איז געווען אן אוראייניקל פון בעש״ט. זיין מוטער, פייגע, דעם בעש״טס אן אייניקל, איז געווען אן אויסערגעוויינלעכע פרוי. נאך גאר א יונגער, איז נחמן געווען א מיסטיקער, שטענדיק פארזונקען אין חלומות, ליב געהאט צו זיין אליין אין וואלד און אין פעלד. ווען ער איז געווען א יאר 20 איז ער געווארן א חסידישער רבי און ער האט אנגעהויבן א קאמף קעגן די איבעריקע חסידישע רביים, פאר וואס יענע שאפן גאנצע דינאסטיעס, לעבן אין וואויל־טאג און האבן אפגעטראטן פון דעם ריינעם חסידישן וועג. צו 26 יאר האט ער פארלאזט זיין פאמיליע און זיינע חסידים און זיך געלאזט קיין ארץ-ישראל. ער האט א סך זיך אנגעמאטערט ביז ער איז געקומען אהין. א האלב יאר איז ער דארטן געווען און נאך דעם, ווען ער איז צוריקגעקומען, איז ר׳ נחמן ארויסגעטראטן נאך שארפער קעגן די אנדערע חסידישע רביים און יענע האבן אנגעהויבן

אַ פֿאַרביסענעם קאַמף קעגן אים. ר׳ נחמן האָט יעמאָלט געלעבט אין בראַצלעוו. געשטאָרבן איז ער אין אומאַן, ווען ער איז אַלט געווען 38 יאָר.

ר׳ נחמן איז געווען אַ קינסטלער וואָס פֿאַרשטייט צו דערציילן וואונדערלעכע מעשיות. די מעשיות האָט ער דערציילט כדי דורך זיי אויסצודריקן זיינע אידייען און צו ווירקן אויפֿן געמיט פֿון זיינע חסידים. ער האָט די מעשיות דערציילט די לעצטע עטלעכע יאָר פֿון זיין לעבן, און זיינער אַ געטרייער תלמיד האָט זיי פֿאַרשריבן. די מעשיות זיינען געווען אימפּראָוויזירונגען בעל־פּה. געוויסע עלעמענטן האָט ער גענומען פֿאַרטיקערהייט פֿון יידישן און אפֿילו פֿון ניט־יידישן פֿאָלקלאָר, אָבער דער אויפֿבוי פֿון דער מעשה, די פֿאַרעם, דער געדאַנק און דער גרעסטער טייל פֿאַנטאַסטישע עלעמענטן זיינען אָריגינעלע שאַפֿונגען. אַלע מעשיות זיינען סימבאָלישע. ס׳רוב זיינען זיי דורכגעדרונגען מיט ראָמאַנטישער בענקשאַפֿט און אויסגעוועבט פֿון אַ פֿרייען פֿאַנטאַזיע־שפּיל. אַ קלענערער טייל מעשיות פֿאַרמאָגן אַ רעאַליסטישן סטיל, מיט אַ סך פּרטים פֿון פּאַקטישן לעבן. זיינע חסידים האָבן געהאַלטן אַז די מעשיות גיבן איבער די סודות פֿון דער תורה און פֿון דער וועלט. ר׳ נחמן אַליין האָט זייער שטאַרק געהאַלטן פֿון זיינע מעשיות.

די גרעסטע, פֿאַנטאַזיע־רייכסטע מעשה זיינע איז די **מעשה מיט די זיבן בעטלער**.

דאָס איז אַ גאַנצער ציקל מעשיות, פֿאַרבונדן אַט דורך וואָס: אויף אַ חתונה פֿון צוויי קינדער וואָס זיינען אויסגעוואַקסן אויף אַ וואונדערלעכן אופֿן (מען האָט זיי פֿאַרלאָרן אין אַ וואַלד, און אַז זיי זיינען געווען הונגעריק — פֿלעגט יעדן טאָג קומען אַן אַנדער בעטלער אַ קאַליקע און זיי שפּייזן; נאָך דעם ווערן זיי אַליין בעטלערס און גייען איבער דער וועלט, ביז עס פֿאַלט איין דער קאָמפּאַניע בעטלערס זיי חתונה צו מאַכן) דערציילט יעדערער פֿון די בעטלערס וואָס האָבן געהאָלפֿן זיי אויפֿהאָדעווען זיין מעשה. עס זיינען פֿאַראַן 6 מעשיות, די זיבעטע — גיבן חסידים איבער פֿון ר׳ נחמנקעס וועגן — וועט מען דערציילן ווען משיח וועט קומען.

אין יעדער מעשה פֿון די בעטלערס זיינען אריינגעוועבט מעשיות אין מעשיות, למשל אין דער מעשה פֿון דעם בעטלער דעם שטאַמלער איז פֿאַראַן די דערציילונג וועגן קוואַל פֿון דער וועלט און האַרץ פֿון דער וועלט:

אין איין עק וועלט איז פֿאַראַן אַ באַרג, אויפֿן באַרג אַ שטיין און פֿון שטיין פֿליסט אַ קוואַל. אין צווייטן עק וועלט איז פֿאַראַן דאָס האַרץ פֿון דער וועלט, וואָס ציט זיך צום קוואַל, און דער קוואַל ציט זיך צום האַרץ.

אָבער ווי נאָר דאָס האַרץ וויל זיך רירן פון אָרט צוצוקומען צום קוואַל, אַזוי זעט עס מער ניט דעם קוואַל אויפן באַרג. און אויב דאָס האַרץ קוקט ניט אויפן קוואַל — קען דער קוואַל ניט פליסן. און ווי באַלד דאָס האַרץ קוקט ניט אויפן קוואַל — קען עס ניט לעבן. בלייבן זיי אייביק אין די בײדע עקן פון דער וועלט, פול מיט ליבשאַפט און בענקעניש.

אין דער מעשה פון דעם בעטלער דעם הויקער איז אריינגעוועבט די דערציילונג וועגן וואונדערלעכן בוים:

פאַראַן אַ וואונדערלעכער בוים וואָס אונטער זיין שאָטן זיינען אַלע גליקלעך, דאַרטן רוען אַלע חיות פון דער ערד און אויף זיינע צווייגן זינגען אַלע פייגל פון דער ערד. אָבער מענטשן וויסן ניט ווי אַזוי צוצוקומען צום בוים. איינער הייסט גיין רעכטס, דער צווייטער — לינקס, איינער וויזט אויף מזרח, דער צווייטער — אויף מערב. קומען דערפון אַרויס נייע קריגערייען און אומגליקן. איז געקומען אַ חכם און געזאָגט: וואָס קלערט איר דורך וועלכער זייט צו קומען צום בוים? קלערט פריער, ווער עס קען קומען צו אים, ווייל צום בוים קען קומען נאָר דער וואָס האָט די אייגנשאַפטן פון די וואָרצלען פון בוים, (אמונה, יראה, עניוות) און דער שטאַם פון בוים איז אמת.

אַ ביישפּיל פון אַ ראָמאַנטיש-פאַנטאַסטישער מעשה איז די דערציילונג וועגן דער פאַרלאָרענער בת-מלכה:

אין מאָל איז אַ מלך איבער עפּעס ברוגז געוואָרן אויף זיין איינציקער טאָכטער און אַרויסגעזאָגט: „דער ניט-גוטער זאָל זי אַוועקנעמען!" אויף מאָרגן אין דער פרי האָט מען די בת-מלכה אין ערגעץ ניט געקענט געפינען. דער מלך האָט געהאַט פון דעם גרויס צער, איז דער שני-למלך אַוועק זוכן די בת-מלכה. נאָך אַ ריי פּאַסירונגען דערגייט ער אַז זי איז אין אַ וויטן שלאָס. ער קומט אַהין און די בת-מלכה זאָגט אים אָן, אַז ער וועט קענען זי אַרויסנעמען, אויב ער וועט אַ גאַנץ יאָר בענקען נאָך איר, האָפן זי אַרויסצונעמען און קלערן נאָר וועגן איר. דעם לעצטן מעת-לעת פון יאָר זאָל ער פאַסטן און ניט שלאָפן. דער שני-למלך האָט אַזוי געטאָן, און ווען עס איז געקומען דער לעצטער טאָג און געהאַלטן ביים ציל, האָט ער דערזען אַ שיינעם עפּל אויף אַ בוים, זיך ניט געקענט איינהאַלטן און געגעסן דעם עפּל. איז ער איינגעשלאָפן. נאָך יאָרן שלאָף האָט ער זיך ווידער דערשלאָגן צו דער בת-מלכה און זי האָט געעצהט אים, ער זאָל אָנהייבן אַלץ פון דאָס ניי. ער האָט ווידער אָפּגעהיט אַ יאָר פון בענקען און האָפן, אָבער אין דער לעצטער רגע ווידער געשטרויכלט געוואָרן און געטרונקען פון אַ קוואַל וואָס האָט געפלאָסן מיט וויין. ער איז ווידער איינגעשלאָפן.

אין אַ צייט אַרום איז די בת־מלכה פאַרביגעפאַרן און האָט מיט טרערן אָנגעשריבן אויף איר פאַטשיילע, אַז ער זאָל זי איצט זוכן אויף אַ גאָלדענעם באַרג, אין אַ פערלנעם שלאָס. איז דער שני־למלך אַוועק זוכן אַזאַ באַרג און אַזאַ שלאָס, און אַלע האָבן אים כסדר געזאָגט אַז אַזוינס איז גאָר נישטאָ. אָבער דער שני־למלך האָט זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּגעשטעלט און נאָך אַ סך יאָרן וואַנדערן און זוכן האָט אַ שטורעמווינט אים געבראַכט צום טויער פון פערלנעם שלאָס, און ער האָט ארויסגעראַטעוועט פון דאָרטן די בת־מלכה.

אין אַ רעאַליסטישן סטיל דערציילט ר׳ נחמקע די מעשה וועגן חכם און תם. דאָס איז אַ סימבאָלישע שילדערונג פון משכיל וואָס פאַרלאָזט זיך אויפן שכל און פון חסיד וואָס גייט מיטן וועג פון גלויבן. דער חכם האָט טאַקע זיך דערשלאָגן צו גרויסע זאַכן, אָבער ער איז שטענדיק אומגליקלעך. ער איז אומצופרידן מיט זיינע דערגרייכונגען און אומצופרידן מיט דעם וואָס מע שאַצט אים ניט אָפּ ווי געהעריק. דער תם איז בלויז אַ שוסטער, אָבער שטענדיק אַ צופרידענער און גליקלעכער מענטש. ווען דער מלך פאַרבעט דעם תם, קומט דער תם גלייך צו אים און ווערט באַלוינט. ווען די זעלביקע פאַרבעטונג קריגט דער חכם, נעמט ער אַזוי פיל פילאָזאָפירן, ביז ער באַשליסט אַז עס איז גאָר קיין מלך ניטאָ. לסוף ראַטעוועט דער תם אַרויס דעם חכם וואָס איז פאַרקראָכן אין אַ זומפּ.

ר׳נחמנקעס מעשיות זיינען די שענסטע דערציילונגען פון דער עלטערער יידישער ליטעראַטור.

אין דער שטאָט אומאַן (וואָס האָט צווישן די צוויי וועלט־מלחמות געהערט צו סאָוועט־רוסלאַנד) איז פאַראַן דער קבר פון ר׳ נחמן בראַצלעווער. האָבן אין דער דאָזיקער צייט חסידים פון פוילן יאָר־איין יאָר־אויס געגנבעט די גרענעץ מיט סאָוועט־רוסלאַנד, געשטעלט דאָס לעבן אין געפאַר און געקומען קיין אומאַן „צום רבין״ (ד״ה צום קבר פון רבין). דער רבי איז געשטאָרבן אין 1810, אָבער די ווירקונג פון זיין פערזענלעכקייט איז געווען אַזוי גרויס, אַז עס זיינען ביז איצט נאָך פאַרבליבן בראַצלעווער חסידים וואָס זיי האָבן ניט קיין אַנדער רבין און וואָס דערמיט שיידן זיי זיך אָפּ פון די איבעריקע חסידים.

(אויסניצן פאר די צוויי לעקציעס: ש. ניגער, „ר׳ נחמן בראצלעווער און זיינע „ספורי־מעשיות״, געדרוקט ווי אן ארייננפיר צו יונה ספיוואקס בוך, ר׳ נחמן בראצלעווער).

## 21. די השכלה־באַוועגונג און די יידישע ליטעראַטור

די השכלה־באַוועגונג אין דייטשלאַנד האָט, אָנהייבנדיק מיט משה מענדלסאָנען, זיך באַצויגן נעגאַטיוו צו דער יידישער שפּראַך. די משכילים האָבן אָנגערופן יידיש „זשאַרגאָן" און, אין איינעם מיטן באַקעמפן דאָס פריערדיקע יידישע לעבן און דעם יידישן שטייגער, געוואָלט פּטור ווערן אין גאַנצן פון יידיש. ווי אַ מיטל צו אַגיטירן פאַר זייערע אידייען האָבן זיי געניצט העברעאיש, אבער ניט יידיש. זיי האָבן געוואָלט אַז דייטש זאָל אַרויסשטויסן יידיש פון די יידישע היימען.

דאָך האָבן צוויי קעמפערישע משכילים זיך טיילווייז באַנוצט מיט יידיש אין זייערע קאָמעדיעס, וואָס האָבן געהאַט דעם ציל אויסצולאַכן די אָרטאָדאָקסישע יידן. דאָס זיינען געווען קאָמעדיעס, געשריבן אין רעאַליסטישן סטיל פון די בירגערלעכע קאָמעדיעס פון 18טן י"ה, און דאָרטן ריידן די פאַרשטייערס פון אַלטן דור און די אָנהענגערס פון דער אָרטאָדאָקסיע אויף יידיש, די פאַרשטייערס פון נייעם דור און די אָנהענגערס פון השכלה ריידן אויף דייטש.

אין מזרח־אייראָפּע באַנוצט זיך די השכלה־באַוועגונג מיט יידיש ווי מיט אַ מיטל צו פאַרשפּרייטן אירע אידייען. עס ווערט געשאַפן אַ משכילישע באַקעמף־ליטעראַטור. זי איז פריער פון אַלץ אויפ־געקומען אין גאַליציע, נאָך דעם איז זי אַריבער אין רוסלאַנד. די משכילישע באַקעמף־ליטעראַטור איז אַ וויכטיקער באַשטאַנדטייל פון דער יידישער ליטעראַטור במשך פון גאַנצן 19טן י"ה. סאַטי־רישע ווערק קעגן די חסידים פאַרנעמען דאָרטן דעם אויבנאָן. דער גרעסטער טייל באַקעמף־ווערק וואָס מען האָט זיי געשאַפן אין דער ערשטער העלפט פון 19טן י"ה זיינען געבליבן אין מאַנוסקריפּט און האָבן זיך פאַרשפּרייט נאָר צווישן דעם קליינעם קרייז משכילים.

אין מזרח־אייראָפּע קומט אויך אויף אַ משכילישע אויפקלער־ליטעראַטור פון משכילים וואָס פילן זיך געבונדן מיט דעם פאָלק און ווילן אים דינען. זיי ווערן די קולטור־טרעגערס וואָס באַמיען זיך אריינצוברענגען וויסן און צו פאַרשפּרייטן זייערע נייע אידייען. צווישן די קולטור־טרעגערישע ווערק זיינען געווען:

1) ד"ר מאַרקוזעס אַ פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעך מעדיציניש הויזבוך „ספר רפואות", וואו עס רעדט זיך אויך וועגן בעסער דער־ציען די קינדער, וועגן דער נייטיקייט פון ערדאַרבעט, קעגן ליידיק־גייעריי, קעגן איינרייידענישן און גלייבעכצן.

2) חייקל הורוויצעס אַן איבעראַרבעטונג פון אַ דייטשישן בוך וועגן דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע מיטן נאָמען „צפנת פענח״;

3) יצחק־בער לעווינזאָנס „הפקר־וועלט״, אַ שמועס צווישן דריי מענטשן וואָס דעקט אויף די עוולות וואָס די פירערס פון די קהילות באַגייען קעגן דער אָרעמער פּאָלקסמאַסע. דאָס איז דער אָנהייב פון דער סאָציאַלער ריכטונג אין דער עלטערער און נייער יידישער ליטעראַטור.

אָנהייב 19טן י״ה איז אויך אויפגעקומען דער געדאַנק איבערצו־זעצן דעם תנך אויף אַ מאָדערנעם פאָלקסטימלעכן יידיש, ווייל די אַמאָליקע איבערזעצונגען זיינען געווען אויף אַ צו אַרכאַישער שפּראַך. מיט דעם פּלאַן האָט זיך ארומגעטראָגן מענדל סאַטאַנאָווער. ער האָט די אַרבעט אָנגעהויבן. אָבער די מערהייט משכילים וואָס זיינען געווען קעגן יידיש האָבן ניט דערלאָזט אַז דער פּלאַן זאָל דורכגעפירט ווערן.

## 22. שלמה עטינגער — דער עלטער־זיידע פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור

דער וויכטיקסטער יידישער שרייבער אין דער ערשטער העלפט פון 19טן י״ה איז ד״ר שלמה עטינגער.

ער איז אַ פּוילישער ייד וואָס שטאַמט פון אַ יחוסדיקער משפּחה. גאָר יונג איז ער געוואָרן אַן אײדעם אין זאַמאָשטש, און שפּעטער ווען ער האָט געדאַרפט אליין נעמען זאָרגן וועגן אַ פּאָזיציע אין לעבן, איז ער אַוועק קיין לעמבערג, וואו ער האָט שטודירט מעדיצין. נאָך דעם איז ער געווען אַ דאָקטער אין זאַמאָשטש. ער איז אויסגעשטאַנען אַ סך צרות איבער דעם וואָס נאָך די רוסישע געזעצן נאָך האָט ער ניט געטאָרט זיין קיין דאָקטער. זאַמאָשטשער יידן האָבן זייער ליב געהאַט זייער דאָקטער וואָס האָט געלעבט אין אָרעמקייט. אַ פּאָר יאָר פאַרן טויט האָט ד״ר שלמה עטינגער מיט זיין גאַנצער משפּחה זיך באַזעצט אויף ערד — ערד־אַרבעט איז געווען זיין שטענדיקער אידעאַל.

ד״ר שלמה עטינגער האָט געשריבן לידער, משלים, עפּיגראַמען און דראַמאַטישע ווערק. ער איז דער ערשטער שרייבער פון דער השכלה־צייט וואָס האָט זייער זאָרגעוודיק זיך באַצויגן צו זיין שפּראַך. ער האָט אויסגעמידן דייטשמערישע ווערטער און אַנשטאָט זיי געשאַפן אַ גאַנצע ריי נייע ווערטער, נעאָלאָגיזמען. זיין שפּראַך איז ביז גאָר אַן אָפּגעהיטע, זי איז אַ רעזולטאַט פון דרך־ארץ און

ליבשאַפט צו יידיש. ד"ר שלמה עטינגער שטעלט זיך ראשית כל ריין ליטעראַרישע צילן, כאָטש ער וויל מיט זיינע ווערק אויך לערנען און אויפקלערן. ער איז אַ פּאַלקסטימלעכער מענטש וואָס זעט צו שרייבן אַזוי אַז אַי די געבילדעטע אַי די פּראָסטאַקעס זאָלן אים פאַרשטיין און אים וועלן לייענען. זיינע לידער האָבן — פאַר זיין צייט—ביז גאָר ראַפינירטע פערזן. זיינע משלים זיינען הומאָריסטיש גוטמוטיק, אַזוי זיינען אויך די עפּיגראַמען. זיין הויפּטווערק, „סערקעלע", אַ קאָמעדיע אין 5 אַקטן („אויפציען" ווי דער מחבר רופט עס) איז זייער אַ געראָטן, רעאַליסטיש ווערק, וואָס האָט געהאַט אַ ווירקונג אויף דער שפּעטערדיקער דראַמע. די צענטראַלע געשטאַלט איז אַן ענערגישע פרוי וואָס פירט דאָס הויז און די געשעפטן מיט אַ פעסטער האַנט.

דער אינהאַלט פון „סערקעלע": אַ פאַרמעגלעכער סוחר אַ משכיל מוז פאַרלאָזן זיין שטאָט. גיט ער איבער די געשעפטן זיינע און אַ קליין טעכטערל אין די הענט פון דער שוועסטער — סערקעלע. די שוועסטער וואָס זי איז די דעה־זאָגערקע אין שטוב, פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אַז דער ברודער איז געשטאָרבן און דורך אַ פאַלשער צוואה ווערט זי די באַלעבאָסטע איבערן פאַרמעגן. זי טוט אָן צרות איר פלימעניצע הינדען, וואָס אין איר איז פאַרליבט אַ וואוילער סטודענט מארקוס. איר אייגענע טאָכטער, וואָס שעמט זיך צו הייסן פריידע־אַלטע און רופט זיך פרעדעריקע, איז אַ פוסטע מיידל. עס פאַרדרייט איר דעם קאָפּ איינער אַ שווינדלער וואָס וויל מיט איר חתונה האָבן איבער איר נדן. אָבער דער שווינדלער קען ניט וואַרטן: ער גנבעט אַרויס פון זיין כלהס שטוב אַ קעסטל צירונג וואָס איז געבליבן פון הינדעס מוטער. ווען מען אַנטדעקט די גנבה באַשולדיקט מען אין איר— הינדען מיט מארקוסן. אין שטאָט קומט גראָד צוריק סערקעלעס פאַרלאָרענער ברודער. גראָד אים באָט דער שווינדלער אָן צו קויפן די געגנבעטע צירונג און דער אייגנטימער דערקענט עס. דער גנב פאַלט אריין. הינדע און מאַרקוס האָבן חתונה. פרעדעריקע וואָס האָט זיך געהאַלטן ווי אַן אַריסטאָקראַטקע האָט חתונה מיט אַ פשוטן יידן. סערקעלעס מאַן ווערט אויך געהאָלפן און סערקעלע גופא בלייבט ביי געלט, אָבער זי ווערט אויס דעה־זאָגערין.

איבער פאַרשיידענע טעמים (צענזור און אַנדערע) האָט ש. עטינגער ניט געקענט אָפּדרוקן זיינע ווערק און זיי זיינען אַרויס ערשט נאָך זיין טויט.

---

(אויסניצן פאַר דער לעקציע „עטינגערס כתבים" אין ד"ר מ. וויינרייכס קריטישער אויסגאַבע און מ. וויינרייכס „בילדער פון דער יידישער ליטע־

ראַטור־געשיכטע". פאַר דער פריערדיקער לעקציע אויך אויסניצן:

1. זלמן רייזען: „פון מענדלסאָן ביז מענדעלע";
2. י. צינבערג: „געשיכטע פון ליטעראַטור ביי יידן", באַנד 8, טייל 2).

## 23. אייזיק־מאיר דיק. מיכל גאָרדאָן

דער פּאָפּולערסטער יידישער שרייבער אין מיטן 19טן י"ה איז געווען אייזיק־מאיר דיק. ער איז געווען אַ ווילנער משכיל אַ פֿאָלקס־מענטש, וואָס האָט דורך זיינע דערציילונגען געוואָלט אויפקלערן דאָס פֿאָלק, איבערגעבן ניצלעך וויסן און פֿאַרבעסערן דעם שטייגער לעבן. טייל דערציילונגען און ראָמאַנען פון אמ"ד זיינען פֿאַנטאַס־טישע, אַ המשך פון דער אַלטער מעשה־ליטעראַטור, טייל — רעאַ־ליסטישע, דער אָנהייב פון דער הויפּטריכטונג אין דער יידישער ליטעראַטור פון דער צווייטער העלפט 19טן י"ה. אַ סך אייגנשאַפטן פון זיין סטיל נעמען זיך פון אַלטן מוסר־ספר. ווי אין די אַמאָליקע ביכלעך, ווענדט זיך נאָך אמ"ד צו דער פרוי, צו „דער טייערער לעזערין". אמ"ד פּירט אַ מלחמה קעגן צו פרי חתונה מאַכן קינ־דער, קעגן זוכן יחוס־ און געלט־שידוכים, קעגן יאָגן זיך נאָך כבוד, קעגן אָפּגעפרעמדטקייט פון דער וועלט און קעגן דער אַלטער סיסטעם אין יידישער דערציאונג. מילד און אָפּגעהיט פּירט ער אַ פּראָפּאַגאַנדע פאַר ערלעכקייט אין האַנדל, פאַר מלאכה און ערד־אַרבעט, פאַר אַ מער וועלטלעכער דערציאונג, פאַר באַשיידנקייט, פאַר טריישאַפט און אַן ערלעכן פֿאַמיליע־לעבן. אמ"ד פּוצט אויס די מעשיות זיינע מיט ווערטלעך, פֿאָלקסוויצן און משלים, אַזוי ווי דאָס האָט געטאָן דער מגיד און דער מוסר־ספר. ער האָט דער ערשטער געשריבן יידישע היסטאָרישע ראָמאַנען און דערציילונגען וואָס זיינען אָבער שוואַכער ווי די רעאַליסטישע ווערק וואָס שילדערן דאָס לעבן אין ווילנע און אין ליטווישע שטעטלעך, אין מיטן פֿאַ־ריקן י"ה. די רעאַליסטישע דערציילונגען זיינען געשריבן אין אַ גוטמוטיקן, הומאָריסטישן טאָן.

דאָס רוב דערציילונגען, וואָס מען האָט זיי געדרוקט אין קליינע ביכלעך, זיינען צו עטלעכע מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן. דאָס זעלביקע ביכעלע פֿלעגט איבערגיין פון האַנט צו האַנט. אמ"ד איז דער ערשטער יידישער שרייבער וואָס האָט געהאַט צענדליגער טויזנטער לייענער.

אינהאַלט פון דער דערציילונג „כייציקל אַליין":

אין ווילנע האָט געלעבט אַ ייד אַ נגיד וואָס האָט זיך זייער ברייטלעך געפירט. זייער בן־יחיד כייציקל האָבן דער נגיד און זיין ווייב גוואַלדיק פאַרצויגן, און געהאַט האָט ער אַ מלמד וואָס האָט אים קיין זאַך ניט געלערנט, ער האָט נאָר אים פאַרדרייט דעם קאָפּ און געפעלשט אַלע פאַרהערן, בעת מען האָט כייציקלען געגומען ריידן שידוכים. אָבער פאַרן נגיד זיינען אַלע שידוכים געווען צו קליין, צו געמיין, ביז ער האָט געפונען אַ מחותן פון דער ווייט. די עלטערן האָט כייציקלס שידוך אָפּגעקאָסט אַ סך געלט. נאָך דער חתונה וואָס איז געווען אין דער כלהס שטעטל זיינען זיי געפאָרן אהיים, אָבער דאָס פאָרן האָט לאַנג געדויערט. ווען זיי זיינען געקומען אַהיים, האָבן זיי געפונען די טירן פון אינעווייניק פאַרשלאָסן. פאַרוואונדערטע האָבן זיי אָנגעקלאַפּט... האָט כייציקל אַליין זיי געעפנט די טיר. ווארעם דער מחותן האָט גיך דערזען אַז דער אידעם איז אַן אומוויסנדיקער און אומדערצויגענער יינגל, האָט ער אים געצוואונגען צו גטן דאָס ווייבל זיינס און אַן שום זאַכן האָט ער אים אַפּגעשיקט צוריק קיין ווילנע. מיט דער מעשה האָט זיך געטומלט פון ווילנע ביז בראָד. די עלטערן האָבן געהאַט גרויסע בזיונות, דער טאַטע האָט געמוזט אַנזעצן, כייציקל האָט געקראָגן אַ צונאָמען „כייציקל אַליין" און ער איז געבליבן אַ קבצן אַ שלימזל.

אַן אַנדער ווילנער, דער דיכטער **מיכל גאָרדאָן**, איז געווען פּאָפּולער אין מיטן נײַנצנטן י"ה. ער איז געווען אַ פּיינפּיליקער, ערלעכער משכיל וואָס האָט דורך לידער קריטיקירט די שלעכטע זייטן פון יידישן לעבן־שטייגער. די שפּראַך פון זיינע לידער און זייער ריטמיק איז אַ פּשוטע, אַ פאָלקסטימלעכע, נאָענט צום פאָלקס־ליד. אַ טייל לידער זיינע האָט דאָס פאָלק געזונגען, ניט וויסנדיק ווער עס איז דער מחבר און ניט זאָרגנדיק זיך וועגן דעם — אַזוי ווי מע זינגט פאָלקסלידער. מיכל גאָרדאָן האָט געגלייבט אַז דאָס יידישע פאָלק וועט זיך ראַטעווען דורך בילדונג. נאָך 1881 איז ער געוואָרן זייער פּעסימיסטיש און עס קומען אריין נאַציאָנאַלע מאָטיוון אין זיינע לידער.

## פון מיכל גאָרדאָנס לידער

א. מיין לעבנסצייט

פון מוטערס לייב בין איך אַרויס
מיט גרויס געשריי, מיט גרויס געוויין,
אָבער איצט אין דער ערד, מיין אייביק הויז,
וויל איך גאַנץ שטיל און רואיק גיין.

אַזוי ווי דורך אַן אָפֿן טיר
אַרויס אין גאַס פֿון ענגן שטוב,
אַזוי גאַנץ רואיק גיי איך מיר
אַראָפּ פֿון בעט, אַריין אין גרוב.

אַט באַלד איז מיין קורץ לעבן אַוועק,
אַט באַלד קומט אָן זיין לעצטע שעה.
ניט לאַנג זיין אָנהייב — און שוין זיין עק,
אַט ערשט געווען און באַלד ניטאָ.

מיליאָנען יאָרן זיינען פֿאַרשוואומען
איידער איך בין אויף דער וועלט געווען,
מיליאָנען יאָרן וועלן אָנקומען
און איך וועל מער די וועלט ניט זען.

עס טוט אַמאָל פֿון ים אַ שפּריץ
אַ טראָפּן וואַסער פֿאַרן זונענשיין,
און פֿאַלט געשווינד אַזוי ווי אַ בליץ
צוריק אַראָפּ אין ים אַריין.

אַזוי איז מיין קורצע לעבנסצייט,
אַזוי איז מיין גלענצנד לעבנסגליק,
עס גייט גאָר פּלוצלונג אַרויס פֿון אייביקייט
און פֿאַלט אין אייביקייט געשווינד צוריק.

ב. מיין דעה

האָב ניט פֿאַראיבל, פֿריינדין לאה,
וואָס איך זאָג דיר אַצינד מיין דעה.
איך בין דיין פֿריינד דיין בעסטער,
כ'זאָג דיר ווי אַן אייגענער שוועסטער.

ווען ס'קומען צו דיינע עלטערן שדכנים,
מיט חתנים און מיט מחותנים,
זאָלסטן ניט שטיין פֿון וויטן
ווי אַ מיידל גאָר פֿאַרצייטן.

דו זאָלסט זיך גאָרניט שעמען,
דו זאָלסט זיך אַ דעה נעמען,
זאָלסט וועלן וואָס דיר איז געפֿעלן,
וואָס דיר געפֿעלט ניט — זאָלסט ניט וועלן.

כאָטש דער פאָטער און די מוטער
זאָגן: דער שידוך איז אַ גוטער,
דאַרפסטו אַליין אויך פאַרשטיין
צו זאָגן יאָ, צו זאָגן ניין.

געזען האָב איך שוין גאַנץ גענוג
פיל עלטערן וואָס זיינען זייער קלוג,
אָבער אין שידוכים זיינען זיי בלינד,
זיי טוען פאַר זיך, ניט פאַרן קינד . . .

פון קלוגע לייט האָב איך אַמאָל געהערט,
אַז טרעפן קען זיך דאָרט גאָר פאַרקערט:
דעם בעדער זאָל מען עולם־הבא געבן
און שמייסן זאָל מען דעם נאַרישן רבין.

מען זאָגט אַז דאָרט איז אַ רב גאָרניט קיין מיוחס,
פיל רבנים זיינען דאָרט צווישן אַלע רוחות,
און דער גן־עדן איז פול מיט פּראָסטע יידן,
מיט בעל־מלאכות, שניידער, שוסטער, שמידן.

דען יעדער זוכט פּרנסה, יעדער וויל פאַרדינען,
דער מיט הענט, יענער מיט זיין זינען,
דער חסיד — מיט פרומקייט ,דער סוחר — מיט סחורה,
דער שוסטער — מיט אַרבעט, דער רב — מיט זיין תורה.

נו, ווען דער פּראָסטער שוסטער טוט גאַנץ רעכט
און דער בעל־תורה דער רב טוט נאָר שלעכט,
טאָ זאָג פאַר וועמען פון זייביידן
איז דאָ דער גיהנום און דער גן־עדן,

איך פאָר שוין באַלד אַוועק ,איך פאָר גאַנץ ווייט,
איך וועל זיך זאַמען דאָרט אַ לאַנגע צייט.
איך ווייס, דו וועסט נאָך מיר ניט בענקען,
אָבער מיין דעה זאָלסטו געדענקען.

ג. די משקה

די משקה מוז איך ערלעך האַלטן,
איך שטיי פאַר איר אויף ווי פאַר אַן אַלטן,
דען זי האָט געקענט מיין עלטער־באָבען,

די באָבע פּלעגט זי ליב האָבן.
פון איר האָב איך געירשנט די מעלה
צו טרינקען ביזן דעק און אַלע ווײַלע.

בשעת אַ שדכן איז געקומען צום זיידן
דעם טאַטן מיט דער מאַמען אַ שידוך ריידן,
האָט מען גערעדט און גערעדט, ס'איז געוואָרן נישט,
ביז וואַנען די משקה האָט זיך אַרײַנגעמישט.
דורך משקה איז געוואָרן דער שידוך געשלאָסן,
דער טאַטע איז געוואָרן דער מאַמעס חתן . . .

איך געדענק נאָך אַז ביי מיין ברית
איז משקה ניט אַראָפּ פון טיש,
געשריען האָבן אַלע מזל־טוב!
דאָס קינד זאָל לעבן און זיין אַ רב!
דעריבער טרינק איך אַ רוב כוס,
דאָס רוב טרינק איך גאָר אָן אַ מאָס . . .

ביי מיין בר־מצווה האָט מען מיר
געהייסן טרינקען אָן אַ שיעור.
פון אַלע מצוות איז די גרעסטע
צו טרינקען משקה נאָר די בעסטע.
ווען איך טרינק משקה אַ גלעזער דריי —
בין איך פון אַלע מצוות פריי . . .

בשעת מען האָט מיך צו דער חופּה געבראַכט,
„וואָס דאַרף איך די צרה?" — האָב איך זיך געטראַכט.
נאָר באַלד האָט מען משקה געבראַכט צו טראָגן,
די שבע־ברכות אויף משקה צו זאָגן.
ווען איך וואָלט דאָ די משקה ניט אָנגעטראָפן,
וואָלט איך פון דער חופּה באַלד אַנטלאָפן . . .

מיין ביסעלע יאָרן ווען איך וועל אויסלעבן,
וויל איך מע זאָל מיר אין קבר מיטגעבן
אַ פעסעלע משקה נאָענט ביי דער וואַנט
אַ גרויסע גלאָז אין דער רעכטער האַנט.
צו תחית־המתים בין איך ווידער דאָ
און טרינק באַלד משקה אין דער ערשטער שעה . . .

(פאַר דער לעקציע ווי אויך פאַר די לעקציעס 21־22 אויסניצן: נ. שטיף, „די עלטערע יידישע ליטעראַטור").

## 24 און 25. מענדעלע מוכר־ספרים

מענדעלע מוכר־ספרים ווערט אָנגערופן — דער זיידע פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. דעם נאָמען האָט אים געגעבן זיין „אייניקל" שלום־עליכם. דער נאָמען איז אַן ארויסווייז פון ליב־שאַפט און אָנערקענונג פון די גרויסע אויפטוען פון מענדעלע מוכר־ספרים פאַר דער יידישער ליטעראַטור.

מענדעלע מוכר־ספרים (ש. י. אַבראַמאָוויטש) איז געבאָרן געוואָרן אין 1836, אין אַ קליין שטעטל קאַפּולע, מינסקער קרייז. זיין פאָטער איז געווען דער משכיל פון שטעטל און ער אליין האָט אויך געלערנט מיט זיין זון. דער פאָטער איז אָבער געשטאָרבן, ווען מענדעלע איז נאָך געווען אַ ייִנגל. נאָך דעם פאָטערס טויט האָט דער יתום זיך געוואָלגערט איבער פאַרשיי־דענע שטעט ווי אַ ישיבה־בחור וואָס עסט קעסט. אַ געוויסע צייט האָט ער געלעבט ביי זיין שטיפפאָטער, אין אַ דאָרף, און נאָך דעם זיך געלאָזט וואַנדערן אין איינעם מיט אַ בעטלער, וואָס האָט אים געהאַלטן אין צאַם, סטראַשענדיק אים אז ער וועט אים איבערגעבן אין די הענט פון כאַפּערס. דורך אַ גליקלעכן צופאַל האָט ער זיך ארויסגעראַטעוועט פון בעטלערס הענט. דאָס איז געווען אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, וואו עס האָט געלעבט דער שרייבער גאָטלאָבער. אַ דאַנק גאָטלאָבערן לערנט זיך דער יונגער בחור וועלטלעך וויסן און האַלט אויס עקזאַמען צו זיין אַ לערער אין אַ רוסישער קרוינישער שול, וואָס די רעגירונג שאַפט פאַר יידישע קינדער. דער יונגער משכיל שרייבט אויף העברעאיש פּובליציסטישע, פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע און בעלעטריסטישע ווערק. אין 1864 הייבט ער אָן צו דרוקן אין דעם דעמאָלטיקן איינציקן יידישן וואָכנבלאַט זיין ערשטן יידישן ראָמאַן „דאָס קליינע מענטשעלע". אין יידיש טרעט דער שרייבער אויף מיט זיין פּסעוודאָנים — מענדעלע מוכר־ספרים, וואָס ווערט גלייכצייטיק אויך אַ העלד אין זיינע ווערק.

מענדעלע האָט געלעבט אַ ריי יאָרן אין באַרדיטשעוו, אָבער ער מוז פאַרלאָזן די שטאָט ווייל עס רודפן אים די פירערס פון שטאָט פאַר דער סאַטירע איבער זיי (זען ווייטער). ער לעבט נאָך דעם אין זשיטאָמיר און די גאַנצע צווייטע העלפט פון זיין לעבן אין אָדעס. ער איז ביז דער טיפער עלטער געווען אַ לערער. מענדעלע איז געשטאָרבן אין אָדעס אין 1917.

מענדעלעס ערשט יידיש ווערק „דאָס קליינע מענטשעלע" איז די געשיכטע פון אַן אָרעם ייִנגל וואָס שטייגט אַלץ העכער א דאַנק פאַלשקייטן און שווינדל, ביז ער ווערט אַ שטאָטפירער. אָבער פאַרן טויט האָט ער חרטה אויף זיינע שלעכטע מעשים און שרייבט אַן

זיין לעבנס־געשיכטע, ווי אַ וואָרענונג קעגן פאַלשע בעלי־טובות. די וויכטיקסטע עיקר־ווערק זיינען:

„די טאַקסע" — איז אַ דראַמאַטיש ווערק וואָס דעקט אויף די פאַלשקייטן פון די שטאָט־פּאַרזאָרגערס וואָס לעבן אויפן חשבון פון אָרעמען מענטשן.

„די קליאַטשע" — איז געווען מענדעלעס סאַמע פּאָפּולערע בוך. דאָרטן ווערט אַלעגאָריש געשילדערט די יידישע פאָלקסמאַסע ווי אַ נעבעכדיקע, אויסגעהונגערטע קליאַטשע, וואָס מע טרייבט זי פון פעלד, וואָס הינט רייסן פון איר שטיקער און וואָס איר באַשיצער, דער אינטעליגענט ישראליק, כאַפּט זיך אויך אָרויף אויף איר „צע־קאָרדאָשעטן רוקן". דאָ ווערט געשילדערט די טאָפּעלע עקספּלואַ־טאַציע פון דעם יידישן פאָלק: דורך פרעמדע און דורך אייגענע.

„פישקע דער קרומער" איז אַ געשיכטע פון אַ גרופּע וואַנדערנ־דיקע בעטלערס, מיט אַ צאַרטער, סענטימענטאַלער ליבע צווישן אַ הינקעדיקן בעטלער און אַ הויקערדיקער בעטלערין.

„מסעות בנימין השלישי" איז אַ יידישער דאָן־קיכאָט־ראָמאַן: דער בעל־חלומות בנימין לאָזט זיך איבער דער וועלט זוכן די רויטע יידעלעך און עס באַגלייט אים זיין געטרייער „גזועלן", סענדערל די יידענע. דאָס איז אַ סאַטירע אויף אָפּגעפרעמדטקייט פון דער וועלט.

„דאָס ווינטשפינגערל" איז מענדעלעס גרעסטע ווערק, דאָס איז די לעבנס־באַשרייבונג פון אַן אָרעם ייִנגל, פון זיינע קינדעריאָרן אין שטעטל קאַבצאַנסק און יינגל־יאָרן אין דער שטאָט גלופּסק, מיט אַ גאַנצער ריי געשטאַלטן פון אַמאָל.

„שלמה ר' חיימס" — איז אַ ניט פאַרענדיקטע קינסטלערישע אויטאָביאָגראַפיע.

מענדעלע האָט געטאָקט און געשליפן איטלעך וואָרט זיינס. ער האָט זיך געמיט צו שרייבן ניט אויף איין דיאַלעקט, ניט אויף זיין היימישן ליטווישן, ניט אויף דעם אָרומיקן אוקראַאינער דיאַלעקט, נאָר ער האָט אריינגענומען אין זיין לשון עלעמענטן פון די ביידע דיאַלעקטן. איז מענדעלע מוכר־ספרים דער שאַפער פון דער יידי־שער ליטעראַטור־שפּראַך. די שפּעטערדיקע שרייבערס, זיינע תלמידים, האָבן אים נאָכגעטאָן און עס האָט זיך געשאַפן אַ דאַנק דעם אַ ליטעראַרישער נוסח.

מענדעלע איז דער פאָרשטייער פון קינסטלערישן רעאַליזם. ער האָט געשילדערט דאָס טיפּישע קליינע שטעטל פון מיטן 19טן י"ה און די טיפּישע גרויסע שטאָט פון יענער צייט. ער גיט איבער דעם

גאַנצן שטייגער לעבן „מיט אַלע פּיטשעווקעס". ער האָט דורך זיינע ווערק אויפגעשטעלט אַ מאָנומענט פון דעם יידישן לעבן אין מיטן 19טן י"ה. אין דעם לעצטן פערטל פון פריערדיקן י"ה און צום טייל אַפילו אָנהייב דעם איצטיקן י"ה איז געווען זייער גרויס מענדעלעס ווירקונג אויף דער יידישער ליטעראַטור.

## 26. אברהם גאָלדפאַדן — דער פאָטער פון יידישן טעאַטער

אברהם גאָלדפאַדן, וואָס האָט געקראָגן אַ גוטע דערציאונג און בילדונג אין גייסט פון דער השכלה-באַוועגונג, האָט געלעבט אַ שווער וואַנדער-לעבן פון אַ רעדאַקטאָר-אַרויסגעבער פון פאַרשיידענע יידישע זשורנאַלן. אין די 60ער און 70ער יאָרן איז ער געווען אַן אָנגעזעענער דיכטער, אַ מעסיקער משכיל, אין די 80ער יאָרן איז ער געוואָרן מער נאַציאָנאַל געשטימט. אָבער זיין וויכטיקסטער אויפטו איז ניט לידער — ס'איז דאָס אָרגאַניזירן דעם יידישן טעאַטער און דאָס שאַפן די יידישע אָפּערעטע.

אברהם גאָלדפאַדן האָט אָרגאַניזירט דעם ערשטן מאָדערנעם יידישן טעאַטער אין 1876, אין דער רומענישער שטאָט יאַס. נאָך דעם אויך אין בוקאַרעשט. פון דאָרטן איז ער אַריבער קיין רוסלאַנד און געהאַט די מעגלעכקייט ביז 1883 צו גאַסטראָלירן אין פאַרשיידענע שטעט פון רוסלאַנד, ביז די צאַרישע מאַכט האָט פאַרווערט צו שפּילן טעאַטער אויף יידיש. אברהם גאָלדפאַדן איז געווען גלייכצייטיק דער דירעקטאָר, דער רעזשיסאָר, דער דראַמאַטורג און דער קאָמפּאָזיטאָר. זיין מוזיק איז אַ המשך פון דעם פאָלקסליד און אַ סך גאָלדפאַדן-ניגונים זיינען אַריין אין פאָלק און זיך פאַרשפּרייט ווי פאָלקס-ניגונים. דעם רעפּערטואַר וואָס אברהם גאָלדפאַדן האָט געשאַפן פאַר זיין טעאַטער באַשטייט פון מוזיקאַלישע קאָמעדיעס. אין אָנהייב האָבן זיי געהאַט אַ ציל אָפּצולאַכן פון שלעכטע זייטן אין יידישן לעבן, נאָך דעם, אין די 80ער יאָרן, האָט אברהם גאָלדפאַדן אָנגעהויבן צו שאַפן נאַציאָנאַל-ראָמאַנטישע ווערק. ביישפּילן פון דער ערשטער גרופּע: „די ביידע קוני-לעמל", „די כישוף-מאַכערין", פון דער צווייטער גרופּע: „שולמית", „בר-כוכבא".

דער אינהאַלט פון די „ביידע קוני-לעמל": אַ רייכער חסיד האָט אַ גרויסע טאָכטער וואָס האָט שוין געקראָגן אַ וועלטלעכע בילדונג און

וואָס איז פאַרליבט אין איר לערער. דער חסיד וויל חתונה מאַכן זיין טאָכטער מיט קוני־לעמל וואָס קומט פון א יחוסדיקער משפחה און איז אָבער אַ קאַליקע און אַ גרויסער שוטה דערצו. ווען דער טאָכטערס לערער דערוויסט זיך וועגן דעם, פאַרשטעלט ער זיך אַזוי ווי קוני־לעמל, בכן באַקומען זיך צוויי קוני־לעמלס און פון דעם קומען אַרויס אַ סך קאָמישע צוזאַמענשטויסן. יעדער איינער טענהט אַז ער איז דער אמתער קוני־לעמל, אָבער דער פאַלשער קוני־לעמל געווינט אין אַט דעם פאַרמעסט. מיט דער הילף פון זיינע חברים־סטודענטן נאַרט ער אָפּ דעם חסיד און ער קריגט די כלה וואָס ער וויל און דער פאָטער דער חסיד ווערט אַן אויפגעקלערטער.

אברהם גאָלדפאַדנס אקטיאָרן האָבן זיך צעשפּרייט איבער דער וועלט און אריבערגעפלאַנצט דעם יידישן טעאַטער אין אַמעריקע, וואו עס האָבן זיך צעבליט די יידישע אָפּערעטע און נאָך דעם די מעלאָדראַמע.

## 27 און 28. די יאָרן פון גרויסן אויפשטייג (1864־1914)

פון 1864, ווען מענדעלע מוכר ספרים האָט אָנגעהויבן צו שרייבן אויף יידיש, ביז 1914, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די ערשטע וועלט־מלחמה, איז גראָד 50 יאָר. אָט די 50 יאָר זיינען יאָרן פון גוואַלדיק גרויסן ליטעראַרישן אויפשטייג. נאָך בולטער איז דאָס וואקסן פון דער יידישער ליטעראַטור, ווען מע נעמט די לעצטע דרייסיק יאָר פון דער תקופה, פון 1883 אָדער 1884 ביז 1914. דאָס זיינען דרייסיק יאָר וואָס מע קען זיי אָנרופן די גאָלדענע תקופה פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. אין דער צייט האָבן געשאַפן די קלאַסיקערם מענדעלע מוכר־ספרים, שלום־עליכם און פרץ מיט אלע זייערע חברים און תלמידים; אין דער צייט קומען אויף כמעט אלע איצטיקע גרויסע שרייבערס.

מע קען זאָגן אַז אין די לעצטע צוויי צענדלינג יאָר פון 19טן י״ה איז די צענטראַלע געשטאַלט געווען מענדעלע מוכר־ספרים, די צענטראַלע ריכטונג איז געווען די רעאַליסטישע. עס איז געווען אַ דראַנג צו פאָלקסטימלעכקייט. אין די לעצטע 15 יאָר פון דער תקופה איז די צענטראַלע געשטאַלט געווען י. ל. פּרץ וואָס האָט אריינגעבראַכט אין דער ליטעראַטור נייע ריכטונגען און פאָרמען

און האָט באַווירקט אַ גרויסן קרייז יונגע שרייבערס.

אין אָט דער תקופה האָט שטאַרק זיך אַנטוויקלט דער יידישער לייענער. דער מאַסן-לייענער איז געוואָרן גוזעלשאַפטלעך חשובער און נאָך זיין געשמאַק נאָך — ראַפינירטער. און כאָטש די ליטע־ראַטור האָט זיך געמיט צו דערהייבן דעם לייענער צו זיך (נית אַראָפּ־לאָזן זיך צו אים), איז ניט געווען קיין רים צווישן לייענער און ליטעראַטור. די ליטעראַטור האָט געהאַט קלאָרע גזעלשאַפטלעכע איינשטעלונגען. עס איז כסדר געוואַקסן איר ווירקונג.

אין דער זעלביקער צייט האָט מען דורכגעמאַכט די טאָפּעלע תקופה פון פּיאָנערנטום און פון ברייטן צעבליען זיך. די קינסטלערישע פּראָזע פון דעם זיידן, מענדעלע מוכר־ספרים, האַלט זיך נאָך אין אַנטוויקלען, ווען דער אייניקל, שלום־עליכם, נעמט איין דעם עולם לייענערס מיט זיינע שאַפונגען. די פּיאָנערן אין דעם מאָדערנעם ליד — מאָריס ראָזענפעלד און שמעון פרוג — דערלעבן דעם פונאַנ־דערבלי פון דער פּאָעזיע דורך אברהם רייזען, יהואש, א. ליעסין, דוד איינהאָרן און אַנדערע און דעם אויפקום פון גרופּעס יונגע דיכטערס. און דער „פֿאָטער פון יידישן טעאַטער" האָט געזען דאָס גוואַלדיק גיכע וואַקסן און צעשפּרייטן־זיך פון יידישן טעאַטער, דאָס פּאָפּולער ווערן פון יעקב גאָרדינס רעפּערטואַר און גלייך נאָך זיין טויט האָט זיך אָנגעהויבן די אַנטוויקלונג פון אַ מאָדערנעם יידישן טעאַטער. אין דער זעלביקער צייט איז גיך געוואַקסן די יידישע פּרעסע און די יידישע פּובליציסטיק, די ליטעראַטור־קריטיק און עס זיינען אויפ־געקומען די ערשטע שפּראָצן פון דער וויסנשאַפטלעכער פּראָזע.

אין אָט דער תקופה איז די גוואַלדיקע מערהייט יידיש־לייענערס קאָנצענטרירט אין איין לאַנד, אין רוסלאַנד. די יידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע אַנטוויקלט זיך פּאַראַלעל און אין אַ גרויסער מאָס אונטער דער ווירקונג פון דער יידישער ליטעראַטור אין רוסלאַנד.

אין אָנהייב און ביים סוף פון דער תקופה האָבן מיר באַוואוסט־זיניקע יידישיסטישע באַוועגונגען. 1) אין די 80־ער יאָרן (שלום־עליכם, מרדכי ספעקטאָר, י. י. לערנער א"א) און 2) נאָך דער טשער־נאָוויצער קאָנפערענץ (1908).

די אינעווייניקסטע אַנטוויקלונג פון אָט דער תקופה ווערט קלאָ־רער ביים באַטראַכטן דעם וועג וואָס די קלאַסיקערס האָבן דורכ־געמאַכט:

מענדעלעס וועג איז געווען פון סאַטירע צו הומאָר, פון באַקעמפן געוויסע שטריכן פון יידישן לעבן צום שטעלן אַ מאָנומענט איבער אַ פאַרגאַנגענעם לעבן.

שלום-עליכמס וועג איז געווען אַ פונאַנדערוויקלען און אַ פאַר־טיפן איין צענטראַלע הויפּטגעשטאַלט: פון דעם כתריליק, „דעם קליינעם מענטשעלע מיט קליינע השגות" איז ער געקומען צו מנחם־מענדלען מיט זיינע חלומות, נאָך דעם צום טיפּיש־יידישן פאָלקס־פילאָזאָף טביה דעם מילכיקן און לסוף צום פאָלקסטימלעך קינדישן מאָטל פייסע דעם חזנס.

פּרצעס וועג איז געווען: פון רעאַליזם — צו ראָמאַנטיק, פון ראָמאַנטיק — צו סימבאָליק. און דאָס איז צום טייל געווען דער וועג פון דער ליטעראַטור אין אונדזער תקופה און שפּעטער־צו.

## 29 און 30. איבערבליק איבער דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע

די יידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע איז די ליטעראַטור פון עטלעכע דורות אימיגראַנטן. צוזאַמען מיט די הונדערטער טויזנטער אימיגראַנטן פון מזרח־אייראָפּע זיינען געקומען שרייבערס: 1) וואָס האָבן שוין געהאַט אַ נאָמען אין מזרח־אייראָפּע, 2) וואָס האָבן דאָרטן ערשט אָנגעהויבן און דאָ זיך אַנטוויקלט, 3) וואָס האָבן אויף דעם קאָנטינענט דורכגעמאַכט אָדער מאַכן דורך זייער גאַנצע שריי־בערישע קאַריערע. די געזעלשאַפטלעכע פרייהייט און דער פונאַנ־דערוואוקס פון דער פּרעסע האָבן געהאָלפן אַז די ליטעראַטור אין אַמעריקע זאָל זיך גיך אַנטוויקלען.

ווי אַן אימיגראַנטישע ליטעראַטור, האָט זי גלייכצייטיק צוויי הײמען: א) די נייע, דאָס אַרומיקע לעבן פון די יידישע אימיגראַנ־טישע שיכטן, דאָס לעבן וואָס וועקט אַ געפיל פון אומצופרידנקייט. און ב) די אַלטע היים, וואָס זי וועקט קינדער־ און יוגנט־זכרונות און אין איינעם מיט זיי אַ ראָמאַנטישע באַציאונג.

די מאַסן־אימיגראַציע פון די 80־ער יאָרן האָט געבראַכט דעם גרינעם אין סוועטשאָפּ אריין. איז געקומען די ליטעראַטור פון סוועטשאָפּ, וואָס זי איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די 80ער און 90ער יאָרן. דער ווייכטיקסטער פאַרשטייער פון אָט דער ליטעראַטור איז מאָרים ראָזנפעלד. דער רעוואָלוציאָנער געשטימטער אַרבעטער האָט זיינע סאָציאַלע דיכטער: מאָרים ווינטשעווסקי, דוד עדעלשטאַט, יוסף באָווש‌אָווער. ז. ליבין גיט בילדלעך פון אָרעמען לעבן. ל. קאָברין גיט אַן אָפּשפּיגלונג פון פאַרשיידענע פאַזעס אין דעם לעבן

פון אימיגראנט. פארשיידענע פאפולאריזאטארס און פובליציסטן העלפן מיט אז דער אימיגראנט זאל זיך אפרייסן פון אמאליקן שטייגער לעבן, ער זאל ווערן ראדיקאל געשטימט. דער יידישער טעאטער אקעגן גייט מיטן וועג פון העלפן אים אנטלויפן פון דעם שווערן ארומיקן לעבן.

קאמפליצירטער און מער פארבונדן מיט דער ליטעראטור אין מזרח־אייראפע ווערט די יידישע ליטעראטור אין אמעריקע אנהייב דעם יארהונדערט. א ריי שרייבערס אויף אונדזער קאנטינענט לעבן אדער מיט זכרונות פון דער אלטער היים, אדער באארבעטן ס׳רוב אל־מענטשלעכע צי אל־יידישע טעמעס וואס זיינען ניט גע־בונדן מיט לאנד (למשל: יהואש, א. ליעסין, דוד פינסקי, י. ראלניק). פון איין זייט זיינען פאראן שרייבערס וואס גייען גרינג איבער פון טעמעס וועגן דער אלטער היים צו טעמעס וועגן דער נייער היים און פארקערט (למשל: שלום אש, י. אפאטאשו), פון דער אנדער זייט אזעלכע וואס בלייבן געטריי דער אלטער היים (למשל: פרץ הירשביין דער דראמאטורג).

צווישן 1908 און דער ערשטער וועלט־מלחמה האט זיך אוים־געפורעמט די גרופע „יונגע". דאס זיינען געווען יונגע אין יארן, קעמפערישע אנהייבערס וואס זיינען געווען אומצופרידן מיטן מצב פון דער יידישער ליטעראטור. זיי האבן אונטערגעשטראכן דעם ווערט פון ליטעראטור, זיי זיינען געקומען מיט ליבשאפט צום יידישן ווארט און מיט א באגער צו הייבן די ליטעראטור, זי זאל ווערן מער קינסטלעריש, מער ראפינירט, מער געבונדן מיט דעם יחיד, מער פארשיידנארטיק. אבער די גרופע האט ניט קיין איינהייט־לעכע ליטעראַרישע פראגראם און זי צעפאלט זיך אויף פארשיידענע ריכטונגען.

אין די יארן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ווערט איבערגע־ריסן די פארבינדונג מיט מזרח־אייראפע. אין דער יידישער ליטע־ראטור פון אמעריקע שטייגן די יידיש־נאציאנאלע שטימונגען. אין די צוואנציקער יארן וואקסט די יידישע ליטעראטור אין אמעריקע און דער יידישער לייענער אין מזרח־אייראפע (חוץ רוסלאנד) פאר־בינדט זיך מיט דעם יידישן שרייבער אין אמעריקע. עס קומט א נייע פרוכפּעריקע תקופה ביי יהואש און א. ליעסין; עס ווערן פאפו־לער אין אייראפע י. אפאטאשו, מ. ל. האלפערין, ה. לייוויק א״א. אין אמעריקע קומען אויף נייע ריכטונגען (די אינזיכיסטן, פראלעט־פען), אבער גלייכצייטיק נעמט זיך פילן ווי די ליטעראטור איז

אפהענגיק פון אימיגראַנט, און אַ ריי שרייבערס טראָגן זיך אַרום מיט אַ געפיל פון אַרבעטן אין אַ פּוסטקייט.

די יידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע איז נאָר צום טייל אַן אַמעריקאַנער יידישע ליטעראַטור. אַ קינסטלעריש בילד פון דעם יידישן לעבן אין אַמעריקע, מחוץ די גרענעצן פון יידישער געטאָ, האָט געגעבן י. י. שוואַרץ אין זיין „קענטאַקי", דערציילונגען פון אַמעריקאַנער לעבן האָט י. אָפּאַטאָשו („לינטשעריי" און אַנדערע), פון יידישן לעבן אין אַמעריקע — שלום אַש („אַנקעל מאָזעס" א"א") און אַ. ראַבאָי („איז געקומען אַ ייד קיין אַמעריקע", „הער גאָלדנבארג" א"א). די דראַמע פון דעם אימיגראַנט גיט ה. לייוויק („שמאַטעס" א"א).

גראָד אין אַמעריקע ווערט געשאַפן די מאָדערנע איבערזעצונג פון גאַנץ תנך אויף יידיש — יהואשעס מאָנומענטאַלע תנך־איבערזעצונג.

## 31 און 32. טענדענצן אין דער נייסטער יידישער ליטעראַטור

זינט דעם אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אויפגעהערט די ליטעראַרישע העגעמאָניע פון דעם רוסלענדישן יידנטום. נאָך דער מלחמה זיינען פון יידן אין רוסלאַנד געוואָרן צוויי גרויסע צענטערס: אין פּוילן און אין סאָוועט־רוסלאַנד, און עטלעכע קליינע: אין ליטע, אין רומעניע.

בכלל האָט זיך די ליטעראַטור געשפּאָלטן אויף דריי צענטערס: אַמעריקע, פּוילן, רוסלאַנד. אויב עס איז נאָך געווען אַ פאַרבינדונג צווישן דער ליטעראַטור אין אַמעריקע און אין פּוילן, איז אָבער כמעט אין גאַנצן איבערגעריסן געוואָרן די פאַרבינדונג מיט דער ליטעראַטור אין סאָוועט־רוסלאַנד.

אין סאָוועט־רוסלאַנד געפינט זיך די ליטעראַטור אונטער דער אויפזיכט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, און די אויפזיכט ווערט אין די צוואַנציקער יאָרן אַלץ שטרענגער. די אויפלעבונג גלייך נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע ווערט איינגעצאַמט. עס בלייבן גאַנץ באַדייטנדיקע דיכטערס, עס קומען אויף נייע פּאָעטן, אָבער די קינסטלערישע פּראָזע איז אַ סך שוואַכער. דער אָנגעזעענסטער שרייבער אין סאָוועט־רוסלאַנד איז דוד בערגעלסאָן, וואָס געהערט צווישן די

וואָס זיינען פון מערב-אייראָפּע צוריקגעקומען קיין סאָוועט-רוסלאַנד. אין די יאָרן האַרט פאַר דער איצטיקער וועלט-מלחמה מערקט זיך אַ ירידה אין דער יידישער ליטעראַטור פון סאָוועט-רוסלאַנד.

פון דעם פּוילישן צענטער האָבן אַ טייל, די לינק געשטימטע, זיך געצויגן קיין סאָוועט-רוסלאַנד, אַ טייל ווידער האָט אַריבערגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. גלייכצייטיק זיינען אויפגעקומען אַ סך נייע שרייבערס און עס איז געווען זייער אַן אינטענסיוו ליטעראַריש שאַפן, ניט געקוקט אויף דער שלעכטער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער לאַגע פון דעם פּוילישן יידנטום. אין די צוואַנציקער יאָרן זיינען אויפגעקומען בונטאַרישע ריכטונגען וואָס האָבן געוואָלט איבעררייסן די ליטעראַרישע טראַדיציע און געזוכט נייע פאָרמען; אין די דרייסיקער יאָרן מערקט זיך אַ ווענדונג צוריק צו די קלאַסיקערס, צו רעאַליסטישער און ראָמאַנטישער ליטעראַטור. פון די דיכטערס זיינען געווען די באַדייטנדיקסטע: קאַדיע מאָלאָדאָווסקי, אהרן צייטלין, איציק מאַנגער (וואָס איז געקומען פון רומעניע) און פון די דערציילערס — י. י. זינגער, י. פּערלע א"א. עס זיינען אויפגעקומען לאָקאַלע גרופּעס וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט און געקראָגן אנערקענונג אומעטום, למשל „יונג-ווילנע" מיט חיים גראַדע בראש, פריער א ביסל — „יונג-לאָדזש" מיט מ. בראָדערזאָן. אזעלכע לאָקאַלע גרופּעס זיינען אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דער צייט.

פון די קלענערע צענטערס דאַרף מען דערמאָנען: ליטע, רומעניע און אַרגענטינע. אין די לענדער זיינען געווען אַקטיווע ליטעראַרישע גרופּעס.

אין דער נייסטער צייט צעשפּרייט זיך די יידישע ליטעראַטור איבער אַלע קאָנטינענטן. אַלע הימלען, אַלע קלימאַטן, אַלע לענדער וואו עס קומען יידיש ריידנדיקע יידן — געפינען אַן אָפּשפּיגלונג אין דער יידישער ליטעראַטור וואָס זי איז שוין לאַנג געוואָרן אויס קליינשטעטלשע, ווי זי איז עס געווען אין דעם 19טן י"ה, און וואָס זי פאַרנעמט זיך מיט אַלע מענטשלעכע פּראָבלעמען און האָט מוסטערן פון די פאַרשיידנסטע ליטעראַרישע פאָרמען און ריכטונגען. דאָס צעשפּרייטן זיך פון דער ליטעראַטור ברענגט דערצו אַז עס זיינען פאַראַן צוויי מינים שרייבערס: לאָקאַלע און אומעטומיקע.

כאָטש די נייסטע יידישע ליטעראַטור האָט ניט קיין איין צענטראַלע פירער-געשטאַלט, ווי דאָס איז געווען י. ל. פּרץ, קען מען אָנווייזן אויף ה. לייוויקן ווי אויף אַ דיכטער וואָס דריקט אויס דעם צער און אומרו פון אונדזער צייט און וואָס איז דער וועקער

פון דעם געוויסן, און אויף שלום אַשן ווי אויף דעם דערציילער וואָס האָט זיך דערשלאָגן צו גרויסער פּאָפּולאַריטעט מיט זיין טרילאָגיע „פּעטערבורג", „וואַרשע", „מאָסקווע", מיט זיין „תהילים-ייד" א"א ווערק. אין דער זעלביקער צייט וואָס אַ טייל ליטעראַטור ווערט לאָקאַל באַפאַרבן, זיינען פאַראַן אַ ריי שרייבערס וואָס מע קען זיי קוים פאַרבינדן מיט אַ לאַנד, ווי עס איז שלום אַש אין די לעצטע צוויי צענדליקער יאָר.

די טענדענץ פון אויסשפּרייטן זיך איז ניט בלויז אַ געאָגראַפישע. זי איז שייך אויך צו פאָרמען, צו טעמעס, צו נייע ליטעראַרישע צווייגן (וויסנשאַפטלעכע ליטעראַטור, קינדער-ליטעראַטור, רייזע-באַשרייבונגען, מעמואַרן א"א).

די יידישע ליטעראַטור איז געוואָרן ווייניקער געבונדן מיטן לעבן-שטייגער, איז ווייניקער געבונדן מיט טראַדיציע, מיט קולטור-ירושה פון אַמאָל. זי איז געוואָרן מער געבונדן מיט אַלגעמיין מענטשלעכע פּראָבלעמען, מיטן פאַרטיפן זיך אין דעם מענטשלעכן איך. זי איז געוואָרן ווייניקער יידיש און מער אוניווערסאַל. אָבער אין די גאָר לעצטע יאָרן מערקט זיך אַ טענדענץ זיך אומצוקערן צו מאָטיוון פון אינעווייניקסטן יידישן לעבן און צו אונדזער דורות-דיקער קולטור-ירושה.